# דעם גורל אנטקעגן

דר. אהרן פרל



ISBN:0-657-12753-1

# דעם גורל
# אַנטקעגן

(רשימות פון אַ דאָקטאָר)

פון

ד״ר אהרן פרץ (פערציקאָוויץ)

---

"DEM GOIROL ANTKEGEN" (FACING FATE)

PRINTED BY PACIFIC PRESS (PTY.) LTD., JOHANNESBURG, SOUTH AFRICA

א הארציקן דאַנק פריינט

א ב ע ל ש אַ ב אַ ן

פאַר זיין אינטערעס און

מיטהילף ביים ארויסגעבן

דאָס בוך.

## א מצבה

אויפֿן קבר פֿון מײַן מאַמען,
וואָס איז אויך דער מאַסן־קבר
פֿון מײַן שטעטעלע בוטרימאַנץ,
אין ליטע.

# אַ וואָרט צום לייענער

מיינע שורות האָב איך ניט געשריבן, נאָר אראָפּגעשריבן פון הארצן. די פּערזענלעכע איבערלעבונגען און באָבאַכ־טונגען במשך פון 4 יאָר נאַצי־גיהנום האָבן געדריקט אויפן געמיט ווי א שווערע משא, און עס האָט זיך שטאַרק געוואָלט אַראָפּרעדן פון האַרצן, עס זאָל כאָטש א ביסל לייכטער ווערן. איך בין ניט קיין שרייבער, נאָר א דאָקטאָר, וואָס האט פיר יאָר באגלייט יידן אויף זייער לאנגן וועג פון יסורים און פיין. איך וויל ניט, אז דער לייענער פון מיינע שורות זאָל האָבן צו מיר וועלכע עס איז פּאָדערונגען, — ווי צו א שרייבער. איך האָב זיך נאָר באַמיט צו פארצייכענען און אָנדייטן איינצלנע מאָ־מענטן פון דער פינצטערער תקופה אין אונדזער געשיכטע, אזוי ווי איך האָב זיי געזען און געפילט. איך ווייס, אז איך האָב צו ווייניק פאַרשריבן אָבער ווער איז דאָס ביכולת נאָך אמאָל ארויסצוברענגען אַלץ פאַר די אויגן.

אייגנטלעך האָב איך מיינע רשימות געזאָלט פארענדיקן מיט דער באפרייאונג. איך האָב פיל מאָל גענומען שילדערן דעם דראמאטישן פינאַל און ניט געקענט. איך ווייס אליין ניט פארוואָס, אָבער איך בין ניט ביכולת צוצוטראָגן פארן לייענער די שפּאַנונגען און איבערלעבונגען פון יענע גליקלעכע טעג. זעט זיך אָן, אז די סיבה ליגט ווו טיף אין דער נשמה. ווען איך דערמאָן זיך, ווי ווילד מיר האָבן געיובלט און געשריען, דער־זעענדיק אין דאַכאַו דעם ערשטן אַמעריקאנער סאָלדאַט, שעם איך זיך א ביסל. וואָס איז געווען די ווילדע שמחה ?...

# דעם גורל אַנטקעגן

צוויי מעת לעת האָט זיך א פרוי געוואָרפן אין געבורטס־ווייען — און ניט געקאָנט געבאָרן.

איך האָב זיך אוועקגעזעצט ביי איר בעט, זי בארואיקט, — און צום לעצטן מאָל אויפגעפּאָדערט און געמונטערט.

די אויסגעמאַטערטע פרוי האָט צוזאמענגענומען אירע לעצטע כוחות, פאַרביסן אירע טרוקענע ליפּן און מיט אירע מידע גלידער, נאָך אמאָל גע־פּרעסט און נאָך אמאָל געוויטאָגט — און צוזאַמען מיטן אויסברוך פון טאָג איז געבאָרן געוואָרן א מענטש אויף דער וועלט.

דאָס ניי־געבאָרן יינגעלע האָט געשריען גוואַלד, געפּלאָנטערט מיט די פיסלעך, זיך אָפּגעטיילט פון דער מאַמען — און אוועק זיין אייגענעם גורל אנטקעגן.

די קימפּעטאָרין האָט באַלד פאַרגעסן איר שווערע נאַכט און מיט צערטלעכע בליקן געגלעט דאָס קליינע באַשעפעניש. באַפרידיקונג צוזא־מען מיט גליק האָבן זיך געשפּיגלט אין איר אויסגעבלייכטן פּנים.

דורך די ברייטע שפּיטאָל־פענצטער האָט זיך אריינגעגאָסן א ווארעמע יוני־זון און האָט אָפּגעווישט פון די ווענט און מעבל אין געבורטס־זאַל די שפּורן פון דער שווערער שלאָפלאָזער נאַכט. די שפּאַנונג, וואָס באגלייט יעדע געבורט, האָט זיך אויסגעלאָדן.

קראַנקן־שוועסטער זיינען געווען פארנומען מיט אויפראַמען דאָס צי־מער און זויבער מאַכן די אינסטרומענטן. איך האָב זיך אריינגעזעצט אין א באקוועם שטול, מיד און ניט דערשלאָפן, אָבער מיט א גוט געפיל פון א מענטשן, וואָס האָט דערפירט זיין אַרבעט צום דערפאָלגרייכן סוף. איך האָב אריינגעקוקט אין זיך און געדרעמלט.

פלוצלונג האָבן אויפגעציטערט ווענט און פענצטער.

— באָמבעס! — האָט אויסגעשריען א שוועסטער.

וואָס איז געשען? ווו שיסט מען? — אין איין מאָמענט איז דאָס צימער פול געוואָרן מיט אומרו. איך האָב ארויסגעקוקט דורכן פענצטער — די גאַס איז שוין געווען פאַרפּלייצט מיט מענטשן און פּאַניק.

ביים אויפרייס פון די ערשטע באָמבעס האָבן יידן ניט געקאָנט איינזיצן אין די היימען, מען איז ארויסגעלאָפן אויפן גאַס, זיך געטוליעט אין רעדלעך, געלאָפן צו שכנים זיך האלטן אן עצה. וואָס טוט מען? וואוהין לויפט מען? — די גרענעץ איז נאָענט, דער פראָנט ביי דער טיר, — אָט איז שוין דער שונא! ארום הערן זיך שיסערייען, עס קנאַלט און עס דונערט. איינער קוקט אויפן צווייטן. שנעל מוז מען באשליסן — לויפן אָדער ניט. עס איז שלעכט אזוי — און שלעכט אזוי.

טויזנטער לויפן און וואוהין מען לויפט — ווייס קיינער ניט. די גרענעץ געשלאָסן, די וועגן אָפּגעשניטן. אלע שאָסייען פון ליטע־לאַנד זיינען שוין באַדעקט מיט הונדערטער הרוגים, אויסגעקאָסעט פון דייטשע לופט־מאַשינען און צעטראָטן דורך ליטווישע שטיוול.

די דייטשע קריגס־מאַשין רוקט זיך פאָרויס אָן אָפּהאַלט. די צייגערנע קייטן פון דעם שונאס טאַנקען צעקוועטשן אונטער זיך אַלץ, וואָס עס שטייט נאָר אין וועג. צענדליקער יידישע ישובים ליגן שוין אין זייערע הענט. ווי א גרינע זשעלאַטין מאַסע — אזוי זעען אויס די דייטשע אוניפאָרמירטע האָרדעס, וואָס פארפלייצן די ליטווישע שטעט און דערפער.

כוואַליעס פון האַס, רויב און מאָרד פלייצן איבער יידישע קעפּ. מען טוליעט זיך איינער צום צווייטן, מען פיבערט פון פחד, מען שרעקט זיך פאר יעדן שאָרך, מ'האָט מורא ארויסצוקוקן אין גאַס.

יידן האָבן זיך צוזאַמענגעקאָרטשעט, זיך פארשלאָסן אין די הינטערשטע צימערן און מיט א פארהאַלטענעם אָטעם — געוואַרט אויף א בעסערן מאָרגן.

# יולי—סעפטעמבער, 1941

די שווערע קלעפּ פון די ערשטע קריגס־טעג האָבן אונדז פאַרגלושעט און אריינגעשליידערט אין א צושטאַנד פון א טיפן שאָק.

מיר האָבן פארלאָרן אונדזער אָריענטאַציע, ניט געוווּסט ווו מיר האַלטן אין דער וועלט און דעריבער פאַלש און נאַריש אָפּגעשאַצט אונדזער לאגע. ווי נאַיווע קינדער זיינען מיר געלאָפן די געפאַרן אנטקעגן, האלב באוווּסט־לאָז נאָכגעגאַנגען יעדע גזירה און אומגליק.

אין שפּיטאָל, ווו איך אַרבעט, ליגן פרויען און וואַרטן אויף זייערע מענער. ניי־געבאָרענע טוליען זיך צו מאמעס ברוסטן — און די טאַטעס ווערן דערהרגעט אין די טורמעס, אין דערהיים, אויפן גאַס. ניט באשערט געווען זיי, די טאַטעס, צו דערהערן זייער קינדס געשריי.

אין די גרויליקסטע מלחמה־טעג, ווען הימל און ערד האָבן זיך אויס־געמישט צוזאמען, האָבן פרויען געבאָרן קינדער און געוואָלט, אז א דאָק־טאָר זאָל זיין דערביי. דורך סאָלדאטישע קאָרדאָנען און אלערליי געפאַרן איז מען געלאָפן רופן א דאָקטאָר. דורך די זעלבע געפאַרן האָט געמוזט דורכגיין אויך דער דאָקטאָר, כדי צו ברענגען די נויטיקע הילף.

עס איז אויסגעקומען צו ארבעטן אין צעראַבירטע וווינונגען, אין פּוסט און וויסט געוואָרענע צימערן, ווו א דערשראָקענע פרוי איז געלעגן איינ־זאַם אין א בעט, און זיך פאַרגאַנגען אין געבורטס־ווייען.

א פּאָר טעג שוין, ווי דער מאַן איז אוועק מיטן שטורעם. א בארמהאר־ציקע שכנה פּאַסט אויף און העלפט איר ביי דער געבורט. ארום האָט גע־בושעוועט דער טויט, — און דאָ, אינעם אויסגעראַבירטן חרובן הייזל, איז ווידער געבאָרן א מענטש.

שוין אין די ערשטע קריגס־וואָכן זיינען געפאַלן איבער אונדזערע קעפּ גזירות, ווי שווערע העק. מיט אַן אויסרייד, אז מיר שיסן אויף דייטשע זעלנער — האָט מען געדראָט, געפּייניקט און געהרגעט. לית דין ולית דיין.

ווען עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע אָפּגעדרוקטע באַפעלן אויף די ווענט, האָבן מיר פרייער אָפּגעאָטעמט. געמיינט, אז עס איז געקומען א סוף

צום כאַאָטישן צושטאַנד פון פולשטענדיקער געזעצלאָזיקייט. איינער פון די ערשטע באַפעלן האָט געהייסן אָנטאָן א געלן מגן־דוד אויף דער לינ־קער ברוסט.

דער באַפעל האָט אונדז ניט דערנידעריקט. אין קעגנטייל, די גזירה האָט געבראַכט א דערלייכטערונג און ארויסגערופן אין אונדז א מין שטאָלץ־געפיל.

מיט א פּאָר טעג שפּעטער זיינען די באַפעלן געוואָרן שטרענגער: א געלער מגן־דוד אויפן רוקן; א פארבאָט צו גיין אויפן טראָטואר; א פארבאָט צו גיין אין באַשטימטע שעהן אין גאַס; און דער עיקר, פון 15־טן אויגוסט — אריינשפּאַרן זיך אין געטאָ. א פאָרשטאָט אין קאָוונע האָט געזאָלט אריינגעמען אין זיך 30.000 יידן מיט זייערע איינגעפונדעוועטע ווירטשאַפטן, מיט זייער האָב און גוטס.

דער געלער צייכן אויפן רוקן האָט זייער געדריקט. ווי א שווערע לאַסט וואָלט דיר געצויגן צו דער ערד. ווי א הייסער אייזן — געברענט דעם רוקן.

זיבן אין דער פרי. איך איַל זיך צו א קראַנקער און גיי אויפן גאַס, ביים רינשטאָק. וועכטער קערן אויף מיר דאָס מיסט פון די גאַסן און באַ־גלייטן מיך מיט זידלערייען און האַס־בליקן. א דייטשער אָפיצער האַלט מיך אָפּ און פרעגט, צי איך בין א ייד. אויף מיין ענטפער „יאָ" — גלאָצט ער אויס אויף מיר א פּאָר אויגן און זאָגט:

— אייך איז נאָך צו גוט. אזוי וועט איר גיין געקליידט? ניין. זעק מיט קלומפּעס וועט איר טראָגן. אלץ וואָס מען מאַכט מיט אייך איז נאָך צו ווייניק!...

איך קום צו דער פּאַציענטקע שוין נאָכן געבורט. די מאַמע פרייט זיך מיט איר קינד. אזוי פיל יאָרן געוואַרט און דוקא איצט געבראַכט אויף דער וועלט — א מיידעלע!

אין מיינע אויערן קלינגען נאָך די ווערטער פונעם דייטשן אָפיצער, די געלע לאַטע ברענט דעם רוקן. איך באַמי זיך צו באַהאַלטן פון דער קימ־פּעטאָרין מיין שווער געמיט, איך פריי זיך מיט איר צוזאמען און ווינטש איר א סך נחת.

א וואָך נאָכן אריינמאַרשירן פון די דייטשן אין קאָוונע, האָט מען צו־זאמען מיט אלע יידישע דאָקטוירים אויך מיך אָפּגעזאָגט פון מיין ארבעט

אין שפּיטאָל. איך בין געקומען אהיים פול מיט זאָרגן. ווי וועט מען ווייטער לעבן? וואָס וועט זיין מיט מיין משפחה? ווי וועט מען זיך דער־נערן? נאַרישע געדאַנקען! ווי נאַיוו איז מען דאַן געווען!...

איינִיקע טעג זיץ איך אין שטוב. איך בין אומרואיק פאַר די יידישע פּרויען, וועלכע זיינען געבליבן אין שפּיטאָל אויף גאָטס באַראָט. דער דירעקטאָר שיקט צוויי שוועסטער מיך צוריקברענגען אין שפּיטאָל. א ליט־ווישע פּרוי דאַרף מיך האָבן. מען דאַרף איר מאַכן א קייזער־שניט. מיט א שווער הארץ בין איך צוגעטראָטן צו דער ארבעט. אויב בעת דער אָפּע־ראַציע וואָלט פּאַסירט אן אומגליק מיט דער מוטער אָדער מיטן קינד, וואָלט מיר דאָס מיין לעבן געקאָסט. איך האָב אָפּערירט מיט א טיפן ציטער, און נאָך דער אָפּעראַציע געבליבן צוויי וואָכן ארבעטן אין שפּיטאָל.

יעדע נאַכט ברענגט מען אהער קימפּעטאָרינס פון די טורמעס. עס קומען פרויען מיט פּריצייטיקע געבורטן, נאָך שטאַרקע קלעפּ און עִנוּיים. אין טאָג זיינען אריין אין שפּיטאָל א באַנדע ליטווישע פּאַרטיזאַנער, שכור און צעיושעט, און האָבן צוגענומען די מענער וואָס זיינען געזעסן ביי זייע־רע פרויען. זיי האָבן אויך מיך געוואָלט מיטנעמען, אָבער דער פּערסאָנאַל האָט מיך ארומגערינגלט און מיט גוואַלד פאַרהאַלטן.

צוגענומען — האָט אין יענע טעג געהייסן פאַרשווינדן אויף אייביק. יעדן טאָג זיינען נעלם געוואָרן דער און יענער, פּריינט און באַקאַנטע. ארויס און ניטאָ — ווי אין וואַסער אריין.

אין יענע יולי־טעג האָט מען צונויפגענומען 7.000 יידן, פאַרפּייניקט און אויסגעשאָסן אויפן פאָרט. אין די הייסע טעג זיינען די יידן געלעגן גאַנצע מעת־לעתן אויף א זאַמדיקן פעלד, אָן א טראָפּן וואַסער, פאַרשמאַכט פון הונגער און דורשט. מען האָט מיט אורין פון א חבר זיך געקילט דעם הייסן קאָפּ, מען האָט געגראָבן פאַר זיך די גריבער און גרופּעסווייז גע־שפּרונגען אין זיי, אונטער די קוילן פון מאַשין־געווער.

די ערשטע 7.000 קרבנות זיינען אומגעקומען אכזריותדיק פון ליטווישע תלינים און דייטשע באַאַבאַכטער. די שוואַרצע אַרבעט פון הענקערס האָבן אומעטום אין ליטע דורכגעפירט די ליטווינער אליין, מיט דער באַוויליקונג און אָרגאַניזאַציע פון די דייטשע הערן. די דייטשן פלעגן קומען פאָטאָ־גראַפירן און הנאה האָבן פון די טויט־דערשראָקענע יידן. איינצלנע יידן האָבן זיך געראַטעוועט און דערציילט פון די גרוילִיקע טעג.

אין שפּיטאָל האָט מען אָנגעהויבן ברענגען פאַרווונדעטע יידן נאָך א פּאָגראָם אין סלאַבאָדקע. די אַלטע ישיבה־פאַרשטאָט האָט זיך געבאָדן אין יידיש בלוט. אַ גאַנצע נאַכט האָבן ליטווינער געפּראַוועט בלוט־אָרגיעס אין יידישע הייזער. מיט די ראפינירטסטע מיטלען האָבן ליטווישע אינטע־ליגענטן, גימנאַזיסטן און סטודענטן דורכגעפירט דעם ערשטן פּאָגראָם אין סלאַבאָדקע. מען האָט געטויט קינדער פאר די אויגן פון טאַטע־מאמע. א פארווונדעטער, וואָס האָט זיך געשליידערט אין זיינע לעצטע קראמפן, האָט מיט זיין בלוט אָנגעשריבן אויף א וואנט „נקמה". די אויפשריפט איז לאנג געבליבן ניט פארמעקט. יידן האָבן זיך געוואָרפן אין טייך ווילִיע און דייטשן האָבן זיך פון בריק געלערנט שיסן אין דעם שווימענדיקן ציל. צו אונדז אין שפּיטאָל האָט מען געבראַכט שווער פארווונדעטע און צעקאַ־ליעטשעטע — קינדער מיט צעבראָכענע גלידער, א בחור מיט א דורכ־געשניטענעם האַלדז, ניט דערקוילעט.

עס איז געווען דער לעצטער פּאָגראָם אין סלאַבאָדקע, ווייל דאָס וואָס איז מיט אונדז ווייטער געשען — האָט שוין ניט צו טאָן מיט פּאָגראָמען. בלויז איינמאָל זיינען ליטווישע יונגעלייט ארויס מיט בלוט־דורשט און, אָן א פּלאַן און אָרדענונג, געשאָכטן יידן אין די הייזער, גאָר ווי אין די אַמאָליקע פּאָגראָם־טעג. אלע ווייטערדיקע פארניכטונגען פון די יידן זיי־נען געווען פאָרויס געפּלאַנט, אָרגאניזירט און דורכגעפירט מיט מלוכהשער אָרדענונג און דיסציפּלין. מענטשן זיינען געזעסן אין קאַבינעטן ווי גרויסע סטראַטעגן, ביי קאָרטן און ציפערן, און מען האָט פּלאַנירט און אָרגאַניזירט אונדזער פארניכטונג אויף א מאטעמאטיש־פּינקטלעכן אופן.

ס'איז ענדע יולי. אין שטאָט איז געוואָרן אוממעגלעך צו לעבן. מען וויל וואָס גיכער צו זיך, אין געטאָ אריין. מען קאָן ניט אויסהאלטן די אלע קלאַנגען פון שרעקלעכן טעראָר. שווער צו זען די פאַרהאַסטע חיה־פּנימער, צו הערן זייער ברילן. עס ווילט זיך אנטלויפן פון דער שטאָט אין שטייג אריין, זיין צווישן יידן. ס'וועט דאָרט זיין ענג. מען וועט דאָרט הונגערן, אָבער מען מוז וואָס גיכער ארויס פון דעם קאָשמאַר.

יידן פארשמייעטע זיינען געלאָפן זוכן צימערן, זיך פארזאָרגן מיט פערד און פורן. שוין וויפל טעג ווי עס ציען זיך אָבאָזן פון טויזנטער פורן דורך סלאַבאָדקער בריק. יידן פארלאָזן איינגעפונדעוועטע לעבנס און שלעפּן זיך אין געטאָ, קינדערלעך און אַלטע לייט זיצן אויף די פורן, יונגע גייען נאָך ווי נאָך א לויה. מען נעמט מיט אַלץ וואָס עס לאָזט

זיך. מען איז צוגעבונדן צו יעדער קליניקייט. מען ברענגט עס אויף די הויפן און מען צעשטעלט דאָס אין קליינע צימערלעך. מען פרעגט איינער דעם צווייטן פון וואָס וועט מען לעבן. מען פרעגט ניט צי מען וועט בכלל לאָזן לעבן. יידן גלויבן, אז דאָ הינטער די שטעכיקע דראָטן וועט מען לאָזן פריי אָטעמען. יעדער האָט געזוכט א בעסערן ווינקל. די קליינלעכ־קייט פון מענטשן שפּאַרט ארויס פון אלע שפּאַרונעס. מען רייסט זיך צוליב נאַרישקייטן. מען איז נערוועז און אויפגערעגט. קיינער ווייס ניט וואָס עס דערוואַרט אים מאָרגן. מען קלאַמערט זיך אָן דעם וואַקלדיקן היינט.

עס דערנענטערט זיך דער 15־טער אויגוסט, 1941. יידן זיינען אריינ־געקראָכן אין אלע לעכער פון דער קאָוונער פאָרשטאָט סלאַבאָדקע. מען האָט באזעצט אלע בוידעמער און שטאַלן, אלע שולן און בתי־מדרשים. מען לעבט ענג און צוזאמענגעפּרעסט, יעדן טאָג ווערן ארויסגעגעבן אנדערע באפעלן. מען באזעצט זיך אין א ראַיאָן, און אויף מאָרגן הייסט מען פון דאָרטן גיין. מען לויפט פון איין גאַס אויף א צווייטער. מען יאָגט אונדז צוזאמען אויף אָן ענגערן שטח, כדי בעסער קענען אונדז צעקוועטשן. די ענגשאַפט וואַקסט פון טאָג־צו־טאָג. די צופּאַסונגס־קראַפט פון מענטשן ווייס ניט קיין גרענעץ. צוויי־דריי טעג אין די ניי־געשאַפענע תנאים, און ס׳איז שוין וויטער גוט. נאָר רו. מען זאָל נאָר לאָזן לעבן. מען זאָל נאָר וויטער ניט טרייבן פון איין אָרט אויפן צווייטן.

די יידן האָבן אליין ארומגעצוימט דעם געטאָ מיט שטעכיקע דראָט. מען האָט אויסגעבויט א בריק צווישן איין טייל געטאָ מיטן צווייטן. אונ־טערן בריק האָבן זיך מענטשן באַוועגט אויף דער פריי. דער בריק האָט אויסגעזען ווי א מיטלאַלטערלעכער בנין, אַן אויפשטייג און אַן אָפּשטייג, און איבער אים זיינען יידן, ווי צעשראָקענע פייגל, געשטיגן ארויף און אראָפּ, פון גרויסן געטאָ צום קליינעם געטאָ און צוריק.

אין קליינעם געטאָ זיינען געווען צוויי שפּיטעלער, א קינדערהויז, וווּ מען האָט אריבערגעפירט די קינדער פון יידישע קינדער־הייזער. דאָס קינדער־הויז האָט ארייננגענומען אין זיך א סך נייע יתומים, פאַרוואָרלאָזטע, פאַרלאָרענע, אליין אין דער גרויזאמער וועלט.

די מתים האָט מען געמוזט טראָגן איבערן בריק, צום נייעם הייליקן אָרט אין געטאָ וועלכער איז אין א קורצער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן

אין א גרויסן בית־עלמין. א באַפעל פון קאָמענדאַנט האָט פאַרבאָטן צו שטעלן מצבות אָדער אנדערע סימנים. דער קבר האָט געדאַרפט זיין מיט דער ערד גלייך. מען זאָל ניט וויסן ווו יידן קומען צו קבורה. דעם באַפעל האָבן יידן ניט געפאָלגט. און בגנבה פלעגן דערשיינען ברעטלעך מיט אויפשריפטן און פעלד־בלימעלעך האָבן באַפוצט די נייע קברים. מצבות אָן נעמען, נאָר מיט אן אויפשריפט „גברים" אָדער „נשים" האָבן דערציילט פון גרויזאַמע מאַסן־דערשיסונגען. איך דערמאָן זיך, ווי איך האָב באַגלייט א פריינט צו זיין אייביקער רו, און דער מת האָט זיך געגליטשט אויף דער משופּעדיקער טראָגברעט איבערן קרומען בריק...

לאַנג האָט מען אונדז ניט געלאָזט רואיק זיצן אין אונדזער נאָרע. מען האָט אונדז געפונען און טאָג־טעגלעך געפּייניקט איבעראַנייס. ביים צוים און ביים געטאָ־טויער שטייען שוין באַוואָפנטע סאָלדאַטן. אונדזער לעבן איז הפקר. אונדזער לעבן איז פייגל־פריי. ווער עס וויל שיסט אין א יידישע ברוסט. ווער עס וויל לערנט זיך שיסן אין ציל. ביי יעדער גע־לעגנהייט קנאַלט עס.

דער שפּיטאָל איז פול מיט פאַרוווּנדעטע. דאָס מתים־שטיבל פול מיט מתים. מיידלעך האָבן אויסגעגראָבן קאַרטאָפל אין געטאָ־גערטנער און דום־דום־קוילן האָבן צעשמעטערט זייערע שאַרבנס. א רב האָט ניט אזוי שנעל אראָפּגענומען זיין היטל פאַר א סאָלדאַט און א קויל האָט דורכגעלע־כערט זיין האַרץ. א קאָלעגע האָט ניט אזוי גיך באַמערקט דעם אנטקעגנ־קומענדיקן ס.ס.־מאַן און אים ניט גלייך באַגריסט, און א קויל האָט דורכ־געבויערט זיין ניר און אויסגעלאָשן זיין יונג לעבן.

יעדן טאָג קרבנות, יעדן טאָג טויט־שרעק. היינט האָט א שוואַנגערע פרוי אין 8־טן מאָנאַט פאַרלאָרן אַ האַנט פון א קויל. עס דאַרף איר ניט פאַרדריסן, זי וועט איר קינד סיי־ווי ניט ארומנעמען.

א „פּאָליציי־איינהייט" קומט יעדן טאָג אין געטאָ און רויבט אלץ וואָס האָט א ווערט. מען רינגלט ארום ראַיאָנענווייז, מען צעטרעט און צעטרימערט אלץ אונטער די שטיוול. מען שיסט און מען שרעקט איין, מען זאָל קיין זאַך ניט פאַרבאַהאַלטן.

מען טוט אויס פרויען נאַקעט און מען אונטערזוכט זיי. מען רופט מיר צו א 17־יעריקער מיידל. זי בלוטיקט שטאַרק. מאמע און טאָכטער זיינען נאַקעט געשטאַנען פאַר די מערדער, די טאָכטער איז ביי דער אונ־טערזוכונג פאַרלעצט געוואָרן פון א גראָבער האַנט אין א לעדערנער

הענטשקע. א צווייטער מוז איך פארנייען א ווונד אין די געשלעכטס־אָרגאַנען. זי האָט זיך געווערט און איז געוואָרן פאַרלעצט.

מען גיט אָפּ אלץ. מען טראָגט די רויבער אנטקעגן. מען האָט זיך שוין איבערצייגט אז קיין זאַך איז ניט וויכטיק, קיין זאַך איז ניט טייער, וויכטיק איז נאָר באַהאַלטן און אויסהיטן דאָס נאַקעטע לעבן פון די הונגעריקע חיות. דאָס איז דער עיקר.

דעם טאָג ווען דער געטאָ־טויער האָט זיך געשלאָסן האָב איך באקומען א בריוועלע פון מיין מאַמען. זי שרייבט, אז דאָרט אין שטעטעלע, ווו זי לעבט, איז רואיק. זי בעט מיך איך זאָל מיט מיין גאנצער משפחה קומען צו איר. עס איז שוין שפעט געווען זיך צו אנטשליסן. אין 2 מאָנאַטן שפעטער זיינען דערגאנגען גרויליקע ידיעות פון דער ליטווישער פראָווינץ. 200 יידישע ישובים זיינען אָפּגעווישט געוואָרן פון דער וועלט. גרעסערע און קלענערע יידישע שטעט און שטעטלעך מיט א פּאָר־הונדערט יאָריקער יידישער פארגאנגענהייט זיינען אין די גרעסטע עינויים און צאפּלענישן חרוב געוואָרן דורך די ווילדע האָרדעס. עס פלעגן אָנקומען פארניכטונגס־באַנדעס אין יעדע שטעטל, זיך אָנפרעסן און אָנזויפן אין שטעטלשן רעסטאָראַן, ארויסטרייבן יידן פון די הייזער הינטערן שטעטל און דאָרטן זיי אויסשיסן מיט קוילנוואַרפער. גריבער האָבן שוין פון פריער צוגעגרייט אָרטיקע פּויערים. נאָכן פארשיטן די גריבער פלעגט זיך נאָך א לענגערע צייט די ערד באַוועגן, ווי כוואַליעס, פון די ניט־דערשאָסענע. אין איין שטעטל איז דער רב געגאַנגען פאָרויס און האָט די גאַנצע צייט געזונגען דעם עולם צו זינגען קאַפּיטלען פון תהילים, צו קומען צו גאָט מיט א לויב־געזאַנג אויף די ליפּן. אין אנדערע שטעטלעך האָבן יידן געפּרווט צו שטעלן א ווידערשטאַנד. אין איין שטעטל האָט מען אוועקגעשטעלט א צלם נעבן יידישן מאַסן־קבר, פאר דער „נשמה" פון א באַנדיט, וואָס האָט זיין לעבן פאַרלאָרן, ראנגלענדיק זיך מיט א יידן ביים גרוב.

אין חלום פלעג איך אָפּט זען מיין אַלטע קראנקע מאַמע מיט איר שוואַך הארץ און קורצן אָטעם, געטריבן און געיאָגט דורך ליטווישע באַנדיטן צום מאסן־קבר.

500 יונגע־לייט האָט מען געפאָדערט צו ארבעט. אלע דארפן זיין אינטעליגענטן און בעסער געקליידט. זיי זיינען אַוועק אין דער פרי און מער ניט צוריקגעקומען. א קוילנוואַרפער האָט זיי אויסגעלייגט הינטערן שטאָט.

עס זיינען געבליבן עלטערן, יונגע פרויען און קינדער, אָן א שוץ און אָן אַן אָנשפּאַר. מען טרייסט זיך, אפשר לעבן זיי און ארבעטן ערגעץ. מיט יעדן טאָג ווערט די האָפענונג בלאַסער. אוועק יונגע קרעפטיקע מענער, פאַרנאַרט דורך א ליגן.

ביידע שפּיטעלער זיינען פול. אין טויט־שרעק מוז מען געבן הילף. טרייסטן, בארואיקן און היילן.

היינט פאַרטרויט מיר א קאָלעגע א סוד, אז נאָר 5.000 יידן וועט מען לאָזן לעבן פון די 27.000, — אלע איבעריקע וועלן מוזן אוועק. איך נעם אויף זיין ידיעה מיט אומצוטרוי. וווהין וועט מען פירן? מען וועט דאָך ניט אויסהרגענען אזוי פיל מיט איין מאָל. איך גלויב ניט. די לופט איז שוין אָבער אָנגעלאָדן מיט אימת־מות. מען שושקעט זיך אין אלע ווינקעלעך. מען ציטערט אין קדחת. מאַמעס טוליען זייערע קינדערלעך און שלינגען די טרערן. טאַטעס לויפן זיך אויססטאַרעווען א לעבנס־שיין. יעדער וויל זיין צווישן די 5.000 לעבעדיקע.

מען צעטראָגט דעם געטאָ־קאָמיטעט. מען ברעכט טירן און פענצטער. מען שטופּט זיך און מען שלאָגט זיך. מען זוכט דעם צעטל וואָס שיצט דאָס לעבן. דער יידישער קאָמיטעט באַהערשט ניט די לאַגע. די פּאַניק איז גרויס. ער טיילט לעבנס־שיינען און ווייס ניט וועמען פריער צו געבן. דער באַפעל זאָגט: לעבנס־שיינען נאָר פאַר 5.000 יידישע האַנטווערקער. אַלע אנדערע מוזן שטאַרבן.

א זוניקער פרימאָרגן. דער 4־טער סעפטעמבער. עס עפנט זיך אויף דער טויער אין קליין־געטאָ און עס מאַרשירט אריין א גרופּע סאָלדאַטן באַ־וואָפנט ביז די ציין. זיי באקוקן די סטראַטעגישע לאַגע, ווי בעסער זיך צו ווארפן אויפן קרבן. נאָך א קורצן באפעל צעשיט מען זיך אין אלע הויפן, פון די הייזער גייען ארויס קופּקעס יידן און גיסן זיך צוזאמען אין איין לאנגע קאָלאָנע. די קינדערלעך פון קינדער־הויז לויפן ארויס בלויז אין העמדלעך, די גאָר קלייניקע טראָגן די שוועסטער אויף די הענט. די קראנקע שלעפּט מען ארויס פון די בעטן. נאגייקעס פליען איבער קעפּ, און די קאָלאָנע ציט זיך אין איין ריכטונג, — צו א קאָנטראָל. דייטשן מיט גלאַנציקע שטיוול, אָפּגעפּרעסענע און זאַטע, מיט נאגייקעס אין די הענט קאָנטראָלירן די צעטלען. איין טייל שטעלט זיך אָן א זייט, א צווייטע גייט ווייטער.

צוויי שעה האָט געדויערט דער שדים־טאַנץ, און פלוצלונג א באפעל — אלע גייען צוריק אין די הייזער. יידן האָבן געהערט, ווי איינער האָט אָפּ־געגעבן א ראַפּאָרט, אז עס האָט אלץ גוט געקלאַפּט, — עס האָט געדויערט א האלבע שעה.

יידן, מנחם־מענדלס, האָבן דערזען מיט איינמאָל די זון. מען האָט זיך אָנגעהויבן צו דראַפּען אויף דער אייגענער פאַנטאַזיע. עס איז דאָ א כוח, וואָס האָט אָפּגעהאלטן די גזירה. מען איז ניט צופרידן מיט אזעלכע מאַסן־מאָרדן. מען האָט שוין געגלויבט אין א נס, וואָס פאַסירט אין לעגענדע־מעשהלעך. קעלטערע מוחות האָבן געזען אין דער בלוטיקער שפיל א רעפּעטיציע פון ווייטערדיקע אַקציעס, און האָבן געוואַרט יעדן טאָג אויף אַן איבערחזרונג. גערעכט זיינען געווען די לעצטע. עס איז נאָר געווען א פּרווו ווי אזוי וועלן יידן זיך לאָזן פירן צו דער עקידה...

26־טער סעפּטעמבער. האַלבער טאָג. אָפּגעשניטן פון גרויסן געטאָ. אויפן בריק שטייט א פּאָסטן און לאָזט ניט דורך. עפּעס קומט דאָרט פאָר. דורך דעם צוים זעען מיר ווי פאַריאָגטע שאָטנס באַוועגן זיך. א פּאַניק אין גרויסן געטאָ. די גאסן ווערן פוסט. זיי זיינען ארומגערינגלט און פאר־שלאָסן אין א פּאסטקע. מיר פאַרפּאַלגן אלץ וואָס קומט דאָרט פאָר. ווי־דער דערשיינען פּעסימיסטן און אָפּטימיסטן אין יעדן קרייזל. מען האָט לאנג ניט געדארפט וואַרטן. א קאָלאָנע פון יידן ציט זיך בארג־ארויף, אַהין־צו־צו, וווּ אָפענע גריבער וואַרטן.

טויזנט מענטשן זיינען אוועק. געבליבן פוסטע דירות. ליידיקע קינ־דערשע וועגעלעך. מענער זיינען געקומען פון דער ארבעט, איז ניטאָ די פרוי, ניטאָ דאָס קינד. די לאַגע איז קלאָר. מיר זיינען פאַראורטיילט. מיר שטייען אין ריי. מען לייגט זיך און מען ווייס ניט אויב מען וועט אויפשטיין. עס זיינען שוין דאָ גרוסן פון די טויזנט. איין מאַשין־געווער האָט זיי צו־זאמענגעוואָרפן אין די טיפע גריבער. עס איז ניטאָ קיין צייט זיך צו פארקלערן. יעדער וואַרט אויף זיין טאָג.

אין א וואָך ארום — א המשך. מיט דער אַקציע גייען אוועק אלע קינדער פון קינדער־הויז און נאָך 1800 מענטשן. אלע איבערגעבליבענע פון קליין־געטאָ טרייבט מען אריבער איבערן בריק און מען גיסט זיי אריין אין גרויסן געטאָ.

איך בין אראָפּ פון בריק מיט מיין פרוי און זונעלע, און זיך דערפילט צום ערשטן מאָל נאַקעט ווי אָקערשט געבאָרן. דאָס געפיל פון פולשטענ־

דיקער נאַקעטקייט איז נאָכדעם ביי מיר געוואָרן א נאַטירלעכער, דאָן אָבער איז דאָס געווען א שווער געפיל. ניטאָ קיין קישן צוקאָפּנס. ניטאָ קיין ווינקל, ניטאָ קיין איבעריק העמד. וואָס וועט זיין מיט דעם קינד — אלץ געלאָזן דאָרט אין קליין־געטאָ, א ווירטשאַפט, א קאבינעט, א ביבליאָ־טעק, בילדער, בריוו, דאָס גאַנצע פארגאַנגענע לעבן. אלץ אוועק מיטן ווינט. איך שטיי און ווייס ניט ווו זיך צו קערן.

פון קליין־געטאָ יאָגט א רויך. עס הערן זיך שיסערייען. דאָס ברענט דער שפּיטאָל מיט די קראַנקע, מיטן דאָקטאָר און א קראנקן־שוועס־טער. וואָס טראַכט איך וועגן נארישקייטן, אז דאָרטן ברענען לעבנס, און א חבר גייט אויף אין פלאַמען.

איך האָב מיין פאַמיליע צוגעטוליעט צו קרובים און אליין אָנגעהויבן צו גיין אויף נאַכט־אַרבעט צום אעראָדראָם, וואָס יידן האָבן געבויט אונטערן בייטש פון הערן־פאָלק. איך בין געגאַנגען ביינאַכט, ווייל עס איז ניט גע־ווען ווו צו שלאָפן. קיין שפּיטאָל איז שוין ניט געווען. און די קראַנקע פלעגן זיך פלאָגן אין די ענגע צימערלעך. ביינאַכט האָב איך געאַרבעט מיטן רידל, און בייטאָג באזוכט די קראַנקע.

איך דערמאָן זיך — א שווערע נאַכט אין א נאַסן ליימיקן באָדן ביז די קני, די הענט זאָגן זיך אָפּ צו הויבן די שופלען ערד. די פיס בויגן זיך. עס גרויט א קאַלטער האַרבסטיקער פרימאָרגן. מיר ציען זיך לאַנגזאַם צוריק איז געטאָ. איך קום אריין דורכן טויער און זעץ זיך צו אויף א בריקל אויסרוען, כדי צו קענען דערגיין אהיים. די הענט שמוציק, די פיס פאר־ליימט, די אויגן קלעפּן זיך פון מידקייט און אלע גלידער ברעכן.

מחשבות פון אמאָליקע צייטן קריכן אין מוח. ווער זיצט עס דאָ, אויפן טרעפּל, ווי א צוזאמענגעקנייטשטער זאַק? דאָס ביסטו, יונגער מונטערער סטודענט? אָט דאָס איז געבליבן פון דיין זיגרייכן לעבן, פון דיין אַרבעט, פון דיין דערפאָלג? א דאָקטאָר זיצט דאָ, צי אַן אייביקער בעטלער?

איך יאָג פון זיך די מחשבות און דרימל. א גוואַלד־געשריי וועקט מיך אויף:

— דאָקטאָר, גיכער, א פרוי שטאַרבט!

ווי אָפּגעבריט גיב איך זיך א כאַפּ אויף. פאַרגעסן די שווערע נאַכט, אויסגעשטרעקט דעם מידן קערפּער, פריי געעפנט די אויגן און נאָכגעגאַנגען דער פרוי, וואָס האָט מיך אריינגעפירט אין א נידעריק, טונקל צימערל.

אויפן בעט — א קאַלך־בלאַסע פרוי, אָן פּולס און אָן סימנים פון לעבן. נעבן איר — א צווילינג, וואָס באָדט זיך אין איר פאַרלאָרן בלוט. איין בליק נאָר אויף דער מוטער און די קינדער — און שוין אראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם ראָק, פאַרקאַשערט די אַרבל, אראָפּגעשווענקט דעם ליים פון די הענט און אָנגעהויבן א קאַמף מיטן מלאך־המות. איך האָב באַזייטיקט דעם אָרט, און די פרוי האָט אירע אויגן געעפנט, האָט מיר באַדאַנקט מיט איר צאַרטן בליק און האָט צוריק געקראָגן איר פּולס. כ׳האָב דערפילט ווידער לעבן אין די גלידער. איך האָב פאַרגעסן די נאַכט. איך בין שוין ווידער אויסגערוט, געשטאַרקט און געמוטיקט, מיט נייע פייער אין בלוט. איך האָב אויסגעפילט מיין פליכט — געבראַכט צוריק א מענטשן צום לעבן. מיין הילף איז נאָך נויטיק! וועמען? וואָס וואַרט דען אויף דער פרוי ווייטער? וואָס דערוואַרט אירעביידע יינגעלעך? איך האָב זי נאָר דורך איין לעבנס־געפאַר דורכגעפירט. נאָך און נאָך טויזנטער געפאַרן וואַרטן אויף איר און לויערן פון אלע זייטן. האָב איך איר א טובה געטאָן, וואָס ניט דורך א נאַטור־קאַטאַסטראָפע וועט זי אויסהויכן איר נשמה, נאָר דורך מערדע־רישע קוילן?

שטענדיק, ווען עס פלעגט מיר אויסקומען געבן הילף א קימפּעטאָרין, פלעג איך פאַרגעסן ווו איך בין אויף דער וועלט, וויל נאָר פאַרגעסנדיק איז מעגלעך געווען צו ארבעטן. אָבער אוועקגייענדיק פון דער קראַנקער נאָך א געבורט אָדער נאָך אַן אָפּעראַציע, פלעגן געדאַנקען פליען אין מוח ווי שוואַרצע קראָען: צו וואָס דאָס אלץ? צו וואָס האָב איך זיך באַמיט דוקא א לעבעדיק קינד מיט צוואַנגען ארויסצוציען? ווער וואַרט אויף אים אויף דער וועלט אויסער דעם תלין?

די צאָל געבורטן איז געוואָרן קלענער מיט יעדן מאָנאַט. עס איז שוין געווען א מינדלעכער פאַרבאָט פון געסטאַפּאָ צו שוואַנגערן און צו האָבן קינדער. און פרויען פלעגן גראָבן דעם קאָפּ אין קישן, כדי ניט צו שרייען ביים געבורט אויס מורא, אז אין דרויסן זאָל עמעצער הערן. די מאַמעס האָבן זיך דאָך געפרייט מיטן ערשטן קינדס געשריי, כאָטש זיי פלעגן באַווייגען זייער גורל.

א פּאָר מאָנאַטן איז געווען רואיקער. פון צייט־צו־צייט באזוכט אונדז די פּאָליציי־באַנדע מיט זייער שעף אין דער שפּיץ. ער איז אַן אָפּגעפרע־סענער חזיר מיט א דעגענערירטן פּנים, גראָבע ליפּן, פארשוואָלענע אויגן און א מערדער בליק. פון אים האָט מען דערציילט, אז פאַר אַן אָנפאַל אויפן געטאָ האָט ער גאַנצע טעג געשכורט און געשפּילט אויפן קלאַוויר. מיט בראַנפן און מוזיק פלעגט ער אָנשאַרפן זיינע נעגל, כדי טיפער און ווייטאָג־דיקער אונדז אָנצוגרייפן.

ווידער א באַפעל: אָרגאַניזירן א שפּיטאָל. איבעראַנייס צוגרייטן אלץ וואָס איז נויטיק צו העלפן דעם מענטשן... וויפל צביעות און ציניזם עס איז געווען אין די באפעלן. דאָס לעבן מוז גיין ווייטער. עס וועט קומען א באפעל וועט מען ווידער מאָרדן און ברענען. דערווייל מוז אָרדענונג זיין.

מען פרעגט מיך אָפט: צו וואָס האָבן זיי געזאָרגט פאר דעם געזונט פון די יידן? צו וואָס האָט מען געבויט שפּיטאָלן און באַשטימט דאָקטוירים אין די געטאָס און לאגערן? זיי האָבן דאָך נאָר געטראַכט וועגן אויסראָטונג און פארניכטונג. דער ענטפער איז — דאָס אלץ געהערט צו אָרדענונג. איינער זאָרגט פאר דעם געזונט און דער צווייטער זאָרגט פארן טויט. איינער גיט דיר עסן, און דער צווייטער דערשטיקט דיך אין גיפטיקן גאַז. איינער גיט דעם באַפעל א שפּיטאָל צו בויען, און א צווייטער — דעם שפּי־טאָל צו פארברענען. נאַיווע יידן האָבן קיין מאָל ניט געפעלט און מען האָט יעדן פּאָזיטיוון באַפעל געוואָלט אויסטייטשן ווי א סימן צום לעבן. מען וועט אונדז שוין לאָזן צורו. והראיה, מען הייסט מאַכן א שפּיטאָל, א בעקעריי, א באָד א.א.וו. אין איין פרימאָרגן פלעגן אויסרינען אלע אילו־זיעס. אלץ וואָס מען האָט אויפגעבויט — פלעגט חרוב ווערן אין איין מינוט. און מען איז ווייטער געשטאַנען, פאַרווירט און פארלאָרן, — ביי א פוסטער קאָרעטע.

# 28־טער אָקטאָבער

די לופט טראָגט אין זיך נייע געפאַרן. אַלאַרמירנדיקע קלאַנגען קו־מען פון שטאָט. מען רופט אָן טערמינען. מען דערציילט פון אָפענע גרוי־בער, וואָס וואַרטן אויף רויב. מען פיבערט. מען וואַרפט זיך אַרום ווי ווילדע. מען פילט, אַז עס דערנענטערן זיך גורלדיקע שעהן. ווער וועלן איצט זיין די קרבנות און וויפל? און אפשר וועלן אַלע שוין גיין אַהין, ווו עס זיינען אַוועק די ערשטע און מען וועט פאַרשפּאָרן זיך צו מאַטערן. א מעלדונג אויפן געטאָ־פּאַרקאַן: אַלע איינוווינער פון געטאָ, אָן אונטער־שיד פון עלטער און געשלעכט, מוזן דערשיינען דעם 28־טן אָקטאָבער, 6 אין דער פרי, אויף א באַשטימטן פּלאַץ. ווידער פאַרשידענע סברות: אייניקע גלויבן דעם געסטאַפּאָ־מערדער, וואָס האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט נאָר אָפּסאָרטירן אַרבעטס־עלעמענטן און מער גאָרניט. אַנדערע מיינען — עס וועט זיין די גרעסטע מאַסן־שחיטה פאַר דער גאַנצער צייט.

גערעכט זיינען געווען די לעצטע.

דער 28־טער. 5 אַזייגער אין דער פרי. א דריבנער שניי האָט פאַר־דעקט א טיפע האַרבסטיקע בלאָטע. עס איז א קאַלטער פרימאָרגן. איך גיי אַרויס פון שטוב, מיין זונעלע האַלט מיר און מיין פרוי פעסט, ווי ער וואָלט זיך אָנגעהאַלטן אויף א גליטשיקן וועג. פון אַלע געטאָ־ווינקלען, פון די זייטיקע געסלעך האָבן זיך מענטשן אַרויסגעשאָטן — אַלע אין איין ריכ־טונג, צו דעם אָנגעוויזענעם פּלאַץ. הונדערטער קינדער אין וועגעלעך און צופוס. א טייל פון זיי הענגען זיך אָן אָן טאַטע־מאַמע, א טייל גייען אַליין צום פּלאַץ. קינדער האָבן מער פון דערוואַקסענע אַרויסגעפילט די קו־מענדיקע געפאַרן. אָבער עס האָט ניט געווירקט אויף זייערע שטימונגען. אָט לויפט א ייִנגעלע און שפּילט זיך מיט דעם פריש־געפאַלענעם שניי, לויפט אַוועק און קומט צוריק צו זיין מאַמען; אָט ליגט א קינד אין וויגעלע און שלאָפט. ס׳איז נאָך פרי, די קינדער האָבן זיך נאָך ניט אויסגעטשוכעט, נאָר וואָס אַרויס פון די וואַרעמע בעטעלעך.

איך דריק מיין קינד די האַנט און האָב מורא אים צו קוקן אין פּנים. איך ווייס, איך בין שולדיק, וואָס איך האָב אים ארויסגעפירט אויפן גליטשיקן וועג פון א יידן. איך געהער צו די, וואָס צווייפלען צי מיר וועלן גיין צוריק פון אָט דעם וועג. איך זאָג דאָס ניט מיין פרוי, איך שטיק עס אין זיך און ווילצל זיך מיט מיין זונעלע און רוף ביי אים ארויס א געלעכטער. ווי גוט עס איז צו הערן זיין לאַכן! ווי לאַנג נאָך?

די געדיכטע מענטשן־מאסן דערנענטערן זיך צום פּלאַץ. 27.000 מענטשן אויף איין אָרט. די מענטשן גרופּירן זיך לויט די אַרבעטס־פּלעצער. מען פאַר־לירט קינדער און משפחות. מען שרייט און מ׳רופט איינער דעם צווייטן. קינדער ליגן אין די וועגעלעך און שפּילן זיך מיט די שטראַלן פון דער אויפ־גייענדיקער זון. דער זייגער איז זיבן. קאַלט. וואָס וועט זיין מיט דער טויזנט־קעפּיקער מענטשן־מאַסע? צו וואָס האָט מען אונדז געבראַכט אהער אויפן פּלאַץ? אָנזאָגן גוטס? אודאי ניט!

פון דער וויטן קומט אָן אַן אויטאָ. עס גייט ארויס א געסטאַפּיסט. ער שפּרייזט דורך דעם המון, וואַרפט א בליק אויף דער מאַסע ווי א באַלע־באָס אויף זיין שקלאַפן־האָרדע, און איז צופרידן. דעם קאָפּ פאַרריסן, מיט א פרעכן, זאַטן שמייכל אויפן פּנים, מיט א סיגארעט אין מויל, — מארשירט ער הויך און שטאָלץ, ווי א ראסן־פערד, און שטעלט זיך אוועק אויף א בערגל העכער פון אלעמען.

די שפּאַנונג שטייגט. די נערוון צוקן. מען וואַרט. א גרופּע דאָקטוי־רים האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן א גרויסע ארבעטער־גרופּע, וואָס האָט גע־פּראַצעוועט אויפן פלוג־פּלאַץ. מיר זיינען געווען באַזאָרגט מיט נומע־רירטע אַרעם־בענדער, דאָס האָט אונדז געזאָלט זיכערן ביים סאָרטירן די מענטשן. אָט איז אָנגעקומען אָן ארבעטער־גרופּע פון נאַכט־ארבעט. מיט פאַרליימיקטע בגדים און מידע פּנימער.

די רוצחים האָבן גוט פאַרשטאַנען ווי טיף ביים מענטשן איז דער לעבנס־אינסטינקט, און האָבן אלעמאָל זיך באַמיט צו טיילן די מחנה אין מער־פּריווילעגירטע און ווייניקער פּריווילעגירטע. ביזן לעצטן מאָמענט האָט מען ניט געוווסט ווו דער מלאך־המות לויערט, — וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט. מען האָט זיך געקלאַמערט אָן דער אָדער יענער ארבע־טער־קאָלאָנע און געגלויבט, אז זיי דארפן האָבן ארבעטער און וועלן אונדז לאָזן זיך מאַטערן. מיר האָבן זיך ארומגעטראָגן מיט אילוזיעס, אז דוקא

אונדז וועט דאָס ניט פּאַסירן. די אילוזיעס האָט געהאַט יעדער איינער, און דעריבער איז די ווידערשטאַנדס־פעאיקייט געווען אזא נישטיקע.

27.000 מענטשן ארומגערינגלט מיט א שיטערע קייט פון פּאָסטנס. איין קליינער ריר פון אָט דער מאַסע — און פון זיי, פון אונדזערע וועכטער, וואָלט געוואָרן שטויב.

יעדער מיינט אָבער, אז ער וועט ארויס גאַנץ. עס הענגען אויף אים קינדער, עלטערן, די גאַנצע משפחה: איין אומפּאָרזיכטיקע באוועגונג—און אלע זיינען פארלאָרן. שטייט מען רעזיגנירט און מ׳וואַרט אויפן פסק־דין.

די קינדער ווערן אומרואיק און וויינען. פון וויטן באַוועגט זיך די מאַסע צום בערגל. זי ציט זיך אויס אין א דינע קאָלאָנע און גייט צו נאָענט צום געסטאַפּיסט. ער שטייט און שפּאַלט, מיט איין פינגער־באוועגונג, די מאַסע אין צוויייען. איין טייל גייט רעכטס, ווערט אויפגענומען דורך יידישע פּאָליציי און אָפּגעפירט אויף א ווייטערן פּלאַץ, די צווייטע טייל ווערט ארומגענומען מיט א קייט פון ליטווישע סאָלדאַטן און אָפּגעטיילט אין א קעגנגעזעצטע ריכטונג.

וואָס מער איך קוק זיך צו, אַלץ קלאָרער און גרויזאַמער זעט אויס דאָס שפּיל. איך האַלט נעבן זיך מיין משפחה און גיב זיך אָפּ א געגויעם דין וחשבון ווו מיין אָרט איז. אויסער מיין משפחה הענגען אויף מיר נאָך א קרובה מיט אירע 2 קינדערלעך. איך פּאַרזוך קאָלט צו אַנאַליזירן מיין לאַגע. ניט ווייט פון מיר ציט זיך די צווייטע קאָלאָנע, וואָס איז אוועק לינקס. דאָס זיינען די פּאַראורטיילטע. גרויסע משפחות מיט א סך קינדער, עלטערע מענטשן, קראַנקע און שלעכט געקליידטע ווערן געטריבן אויף לינקס, מיט פריקלאַדן אונטערגעאיילט. עלטערע מענטשן פאַלן און ווערן מערדערלעך געשלאָגן. קינדער האַלטן זיך אָן דער מאַמעס קלייד און קענען ניט אָניאָגן. דאָרט ווייטער, שטייען די מענטשן, וואָס זענען אַוועק אויף רעכטס. זיי זעען אויס יינגער און געזינטער, — אָן קינדער אָדער מיט איין קינד. איין מיינע אויגן זעט עס אויס, ווי זיי וואָלטן אוועקגעלאָפן מיט א פעסטערן טראָט און גליקלעכע פּנימער. עס איז קלאָר, די דאָ — גייען צום טויט. יענע דאָרטן — האָבן באקומען א פּראָלאָנגאַציע.

איך זאָג מיין פרוי, אז אונדזער משפחה מיט דריי קינדער האָט אלע שאנסן צו גיין אהער, צום טויט. איך האָב איר געגעבן דעם אויסוואל — אָדער אלע צוזאמען און באשטימט אהער, אָדער באזונדער, מיט א קליי־

נעם שאַנס פאַר יעדן איינעם דורכצושפּרינגען דורכן טויט־באַריער. זי וויל צוזאַמען, אויב אפילו שטאַרבן.

דער זייגער איז דריי בייטאָג. די שפּאַנונג וואַקסט פון מינוט. טויזנ־טער זיינען שוין אוועק אין ביידע ריכטונגען. קיינער אינטערעסירט זיך ניט, ס'איז אלץ איינס ווער דו ביסט און ווו דו אַרבעטסט. געסטאַפּאָ דאַרף האָבן א צאָל, און דער תלין באַקומט די גאַנצע צייט דורך שליחים א רעכענונג, וויפל ער האָט שוין אַוועקגעשיקט צום טויט. ער וואַרפט א בליק אויפן רעשט, וועלכער איז נאָך ניט פאַרביי, און ווייס אומגעפער — ווי ער האַלט אין זיין אַרבעט. איינער — אהער, דער צווייטער — אהין. א סך קינדער — אַהער; עלטערע מענטשן — אַהער; און סתם אזוי — אהער. א לאָטעריי־שפּיל אין לעבן און טויט.

איך האָב מער ניט קיין כוח צו וואַרטן. אַלע מיינע נשמה־רעזערוון זיינען אויסגעשעפּט. ווייטער ציען איז פאַר מיר שרעקלעכער ווי דער טויט. איך גיב זיך א ריס פון אָרט, נעם אַרום דאָס קאַלט העגטעלע פון מיין זון אין איין האַנט און די האַנט פון מיין פרוי אין דער צווייטער און לאָז זיך דעם גורל אַנטקעגן: ווו איך וועל גיין וועט שוין זיין גוט. מיין קרובה מיט אירע צוויי קינדער גייען אויך מיט. מיר רוקן זיך פאָרויס אין ריכטונג פון בערגל. איך האָב שוין אויפגעהערט צו טראַכטן. עס איז מיר לייכט. א מאָמענט טרעף איך זיך מיט דעם צעשראָקענעם בליק פון מיין זון, מיט זיינע הימל־בלויע אויגן, און דאָס האַרץ ווערט צעריסן. איך האָב מורא אריינצוקוקן אין די אויגן פון מיין פרוי. די גאַנצע מוטער־טראַגעדיע פון אלע צייטן ליגט אין אירע אויגן. זי טראָגט איר שרעק באַהאַלטן, כדי אין די לעצטע מינוטן ניט צו פאַרקלעמען דעם קינדס האַרץ.

איך שטיי שוין נעבן אים, פּנים אֶל פּנים מיטן הענקער. ער האַלט מיך אָפּ אויף סעקונדן אַנטקעגן זיך, וואַרפט א בליק אויף מיין משפּחה, א באַ־וועגונג מיט זיין פינגער אויף לינקס — און די פרוי מיט די קינדער האָבן זיך א ריס געטאָן צו דער מענטשן־גרופּע פון די פּאַראַורטיילטע. עס איז אונדז לייכטער געוואָרן. דער קאָשמאַר האָט זיך געענדיקט. א סוף.

איך הער ווי איינער פון יידישן קאָמיטעט זאָגט:

— איך בעט דער זאָל גיין רעכטס, ער איז א דאָקטאָר ביי אונדז. מיר דאַרפן אים האָבן.

דער געסטאַפּיסט האָט זיך אויסגעבויגן אויף הינטן, די הענט אויף די לענדן, אין מויל א סיגאַרעט, און פרעגט מיט א ברילנדיקע שטים:

— ווער איז דער מאַן ?

יענער האָט ווידערהאָלט זיין ביטע, דאַן האָט ער א מאַך געטאָן מיטן האַנט און געזאָגט :

— מיינטוועגן.

איך האָב שוין געדאַרפט מיט געוואַלד צוריקרייסן מיין משפחה. זיי האָבן ניט געהערט דעם צוויי־געשפרעך און ניט פאַרשטאַנען פארוואָס זיי גייען צוריק. מיר זיינען אוועק אין ריכטונג פון לעבן.

אויפן פלאַץ ווו מען האָט אונדז געבראַכט, זיינען שוין געווען פאַר־זאַמלט עטלעכע טויזנט מענטשן. אייניקע לויפן ארום מיט חיהש־גליקלעכע בליקן אין די אויגן, אנדערע זיצן און קלאָגן אויף משפחות, וואָס זיינען אוועק מיט יענע. א סך האַלבע לעבנס זיצן דאָ. די צווייטע העלפטן זיינען אוועק אהין. נעבן תלין האָבן זיך אָפּגעשפּילט האַרצרייסנדיקע סצענעס. ער האָט אָפּגעריסן עלטערן פון קינדער און קינדער פון עלטערן. אין סעקונדן פלעגן זיך קינדער מוזן באשליסן — זיי גייען מיט די עלטערן צום טויט, אָדער זיי שיידן זיך מיט זייערע נאָענטסטע און בלייבן לעבן.

ווער עס האָט זיך צוגעקוקט צו די גיהנומשע סצענעס האָט געזען אז עס איז ניטאָ קיין גרונט צו דער טיפקייט פון מענטשלעכע ליידן. די קינדער, וואָס זיינען אוועק מיט די עלטערן צוזאמען, זיינען ניט קיין בעסערע, פון די וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן. דאָס זיינען געווען סעקונדן פון נשמה־ציטערניש און צופעליקע באשלוסן אין דער אָדער יענער ריכטונג.

די גאַנצע מאַסע פון די „גליקלעכע" באַוועגט זיך אין א טיפן רויש פון גרעסטן גליק און אומגליק. מיין זון האָט זיך שוין געשפּילט מיט אנדערע קינדער. ער איז אריינגעשפרונגען אין לעבן און וויל שוין ווייטער פון אים געניסן. דאָרטן, אויף יענער זייט פון פעלד, זיינען צו־זאַמענגעטריבן 10.000 מענטשן, ווי קעלבער אין א שחיטה־הייזל. עס קומען אָן אַלץ נייע גרופּן פון גליקלעכע. מאַמעס זעען צו, אז קינדער זאָלן עסן און זיך דערוואַרעמען. אנדערע לויפן ארום ווי פארסמטע, קוקן זיך צו צו יעדן ניי־אָנגעקומענעם און זוכן א נאָענטן. אנדערע זיצן מיד און צובראָכן און טראַכטן גאָרניט, נאָר צילן מיט טעמפּע בליקן אויף יענער זייט. אין יעדער סיטואציע קריכט ארויס די קליינלעכע חיהלע אין מענטשן. ס'איז א טומל. מען לויפט נאָך א יונגנמאַן, וואָס האָט אויסגענוצט די גע־לעגנהייט און געגנבעט א זעקל מעל אין א פארלאָזענעם הויז. מען שרייט

און מען זידלט. ווער עס האָט א האַנט שלאָגט דעם פאַריאָגטן נפש. אויפן פאַן פון מענטשלעכע ליידן איז באזונדערס שווער צו זען די מענטשלעכע נישטיקייט.

ס׳איז שוין טונקל. יידישע פאָליציי מעלדעט — מען דאַרף האָבן 800 ארבעטער אויף נאַכט־אַרבעט צום פלוגפלאץ. מיט אנדערע ווערטער, איר לעבעדיקע דארפט אָפּדאנקען דעם דייטש פאר זיין גוט־הארציקייט מיט ארבעט. זיי אינטערעסירט ניט דיין צעבראָכן הארץ, זיי ווילן ניט וויסן פון דיין פיינפולן טאָג — דו ביסט א שקלאַף.

צווישן אונדז האָבן זיך ווידער ארויסגערוקט פּחדנותדיקע נפשות און האָבן גערופן: יידן גייט צו דער ארבעט. די חיה קען חלילה אין כעס ווערן און חרטה האָבן. מיר מוזן זי גלעטן, מיר מוזן איר חנפהנען און באַרואיקן מיט אונדזער בלוט און שוויס.

פאַר מיר איז דער מאָמענט געווען דער שרעקלעכסטער פון טאָג. איך בין האַרט אנטשלאָסן — א טויטן וועלן זיי מיך היינט אוועקטראָגן צו דער ארבעט. איך בין ניט געגאַנגען.

ס׳איז שוין אָוונט. איך ווייס ניט ווער עס האָט געמאָלדן, אז מען קען זיך אומקערן אין די הייזער. ניט איין טאָג, נאָר טויזנט יאָר זיינען פאַרביי, מען שלעפּט די פיס ווי זקנים, מען גייט אהיים.

עטלעכע צימערן אין אונדזער הויז זיינען פוסט. אין דער לופט הענגען נאָך קלאַנגען פון קינדערשע געלעכטערס, עס שטייען פוסטע בעטעלעך מיט קינדערשע שפילצייג. איין שכן מיט זיין משפחה, א געוועזענער חשוב און א באַנקיר אין א גרויסער פוילישער שטאָט, האַלט אז די וועלט האָט א סך געווונען וואָס ער איז געבליבן לעבן, און ער צעוואַרעמט זיינע אָפּ־געקילטע גלידער מיט א שנעפּסל און א גוטן אָוונטברויט. ער וויל ניט זען די פוסטע צימערן און וויל ניט הערן דעם טויט־געשריי, וואָס שרייט ארויס פון יעדן ווינקל.

מיין זונעלע נעמט מיר ארום און פרעגט מיר שעמעוודיק, ווו זיינען געבליבן זיינע חברים מיט וועלכע ער האָט זיך גאַנצע טעג געשפּילט צו־זאַמען. דאָס קינד האָט ניט פאַרשטאַנען דעם חילוק צווישן אונדז און זיי, צווישן אים און זיין חבר. קיין חילוק איז ניט געווען. מיר האָבן נאָר ארויסגעצויגן אַן אַנדער לאָטעריי־צעטל.

די שכנים פון הויז האָבן זיך געטוליעט צוזאַמען, און האָבן מורא גע־האַט פאַר די אָפענע טירן און די פוסטע צימערן. מען האָט ניט אויפגע־

הערט צו ריידן וועגן גורל פון יענע דאָרטן. ווייטער צוויי מיינונגען, צוויי וועלט־אַנשויאונגען, אומעטום און אלעמאָל דער אומבאַגרינדעטער אָפּטימיסט מיט זיינע פוסטע השערות און דער פעסימיסט, וועלכער איז צו אונדזער אומגליק אלעמאָל גערעכט.

א גרויער אָקטאָבער פרימאָרגן. אונדזער פענצטער קוקט ארויס צום באָרג. אויפן שאָסיי, בארג ארויף, ציען זיך שווארצע שאָטנס. טויזנטער שטייגן ארויף אהין, צו אָפענע גריבער. צענדליקער קינדער־וועגעלעך געשטופּט פון מאַמעס פאָרן אויף א וויטן שפּאַציר. די קאָלאָנעס ציען זיך לאַנגזאַם, רואיק, עס ברויזט שוין גאָרנישט, — בלויז איינצלנע מאַכן נאָך א פּרווו ארויסצורייסן זיך פון דער פאָסטן־קייט, און זיי ווערן מיט די פּריקלאַדן צוריק ארייגעשטויסן אין די רייען.

דאָס אויסגעליידיקטע קליין־געטאָ האָט געדינט פאַר די מענטשן אלס צווישן־סטאַנציע — צווישן היים און גרוב. מען האָט זיי אהין געבראַכט, און זיי פאַנאַנדערגעטריבן איבערצונעכטיקן אין די פוסטע הייזער. ווידער דער לעבנס־אינסטינקט. אַנדערע האָבן פאַר זיך שוין פאַרכאַפּט דאָס בעסטע ווינקל און ווייטער געקלעטערט אויף דעם פאַנטאַזיע־לייטער. מען וועט זיך איינאָרדענען און ווייטער לעבן. איניקע האָבן געזען דעם טויט פאַר זיך און געזוכט ווו זיך צו באַגראָבן, ווי א קראָט, אָדער אויסטרינקען דאָס צוגעגרייטע גיפט־פלעשעלע.

צוויי ביינאַכט האָט מען אָנגעהויבן פירן גרופּעסווייז צום ניינטן פאָרט. דעם גאַנצן פרימאָרגן ביז האַלבן טאָג האָט געדויערט דער מתים־מאַרש. איינצלנע האָבן זיך דורכגעריסן דורכן דראָט און ארייגעלאָפן צוריק אין געטאָ. מען האָט מיך ארויסגערופן אין א שכנותדיקן הויז נעבן צוים. 2 טויטע בחורים מיט אָפענע בויך־שאָסן, 3 שווער־פאַרלעצטע פּרוּיען דורך דום־דום־קוילן — איז געווען דער סך־הכל פון דעם דרייסטן שפּרונג.

אין דער פרי האָט דער גרויסער פּלאַץ, ווו די סעלעקציע איז פאָרגעקומען, אויסגעזען ווי א פעלד נאָך א שלאַכט. עס זיינען געלעגן מתים — געפאַלענע פון גרויס אויפרעגונג און שפּאַנונג. צענדליקער הייזער זיינען געווען פאַרקלאַפּט. פון אָפענע הייזער האָבן זיך געהערט יללות פון פאַריתומטע משפחות.

מען האָט נאָך געהאָפט. מען האָט זיך געקלאַמערט אָן פאַרשידענע קלאַנגען. אָבער ידיעות וואָס זיינען געקומען פון שטאָט האָבן געשניטן

ווי מעסערס. מען האָט געמוזט גלויבן דאָס אומגלויבלעכע. צען טויזנט מענטשן, אומשולדיקע פּרויען, צאַרטע עופהלעך, זיינען אוועק אין פינצ־טערע גריבער.

שווערע טעג זיינען געהאַנגען איבער אונדז. מען האָט קיין צייט ניט געהאַט צו טרויערן, זיך צו פאַרטראַכטן. מען האָט געטריבן צו דער אר־בעט. עס זיינען געווען א סך ארבעטס־בריגאַדן ווו יידן פלעגן ארבעטן שווער און ביטער. טויזנטער פלעגן ארויסגיין גאנץ פרי און קומען צוריק שפּעט אין אָוונט. מען האָט געגראָבן גריבער, געקנאָטן ליים, געלאָדן צע־מענט און געקרעכצט אונטער דער דייטשער בייטש. מיטן עסן איז גע־וואָרן אַלץ שווערער פון טאָג־צו־טאָג. יידן האָבן זיך פאַרלאָרן נאָך די גרויזאַמע טעג און האָבן ווייניק געטראַכט וועגן חיונה.

דער ערשטער ווינטער אין געטאָ איז געווען א הונגער־ווינטער. אָפּט פלעגט מיר אויסקומען נעכט צו פאַרברענגען ביי קראַנקע. דאָס געפיל פון הונגער אין שלאָפלאָזע נעכט איז א באַזונדערס שווערער. עס ווערט שוואַך אין אַלע גלידער, און דו ווערסט שווער ווי בליי. אַמאָל פלעגט א ייד אַוועקשטעלן אויפן טיש א שטיקל ברויט מיט פּעטס — איז דאָס געווען דאָס שענסטע געריכט. עס האָט זיך אנדערש געאַרבעט. פּאַציענטן האָבן געצאָלט ניט מיט געלט, נאָר מיט עס־פּראָדוקטן. דער גרעסטער טייל האָט גאָרניט געהאַט און אליין געהונגערט. די וואָס האָבן געהאַט מער צום עסן האָבן פאַרשטאַנען, אז דער דאָקטאָר מוז אויך עסן. ווען איך פלעג ברענגען ברויט אין שטוב, אַמאָל א שטיקל פּעטס, גרינסן, איז די שמחה געווען גרויס. די הויפּט־נאַרונג איז געווען קאַשע פון קאָרענע מעל, און דערפון פלעגן זיך בויגן די קני פון שוואַכקייט.

דער לעבעדיקער לעבט. טאָג־טעגלעכע זאָרגן האָבן ארויסגעשטופּט די שוואַרצע מחשבות ארום דעם 28־טן אָקטאָבער.

סוף נאָוועמבער זיינען מיר ווידער אויפגעטרייסלט געוואָרן פון א ידיעה, אז אייניקע הונדערט יידן, געבראַכט פון קעלן, פראַנקפורט, ווין, זיינען אוועק צום פאָרט. דאָרט איז געווען אַן אינטערנאַציאָנאַלער פאַרניכטונגס־אָרט פאַר יידן פון פיל אייראָפּעאישע שטעט. אויף מאָרגן האָט מען שוין געבראַכט לאַסט־אויטאָס מיט זייערע קליידער פון פאָרט. די יידן וואָס האָבן די קליידער סאָרטירט, האָבן אין די קעשענעס געפונען פאַרשידענע דאָקומענטן. צווישן אנדערע — א מעלדונג — דער און דער זאָל זיך אין

דעם טאָג און אין דער שעה מעלדן אויף דעם און דעם באַנהאָף בכדי טראַנספּאָרטירט צו ווערן קיין אָסטען. די יידן זיינען געקומען קיין קאָוונע מיט א גאַנצן עשאַלאָן פון משא־וואַגאָנעס, באַלאָדן מיטן גאנצן רייכטום וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. זיי האָבן זיך געגרייט פאַרן שווערן ווינטער אין אָסטן און מיטגעפירט מיט זיך אפילו אויוועלעך. מען האָט זיי געבראַכט ביז קאָוונע, געהייסן ארויסגיין פון די וואַגאָנעס, און כאילו גיין אין א לאַגער. זיי זיינען פאַרביי אונדזער צוים פון געטאָ, באַוואַכט פון באַוואָפנטע שומרים. איינער פון זיי האָט געפרעגט צי דער לאַגער איז נאָך ווייט. אונדז איז דער וועג געווען גוט באַקאַנט. ער האָט געפירט נאָר אין איין ריכטונג.

וואָכן נאָכדעם האָט מען דערציילט פון זייערע לעצטע מינוטן. זיי האָבן געשטעלט א ווידערשטאַנד, און זיינען העלדיש געפאַלן.

# פרוי און מוטער

הונגעריקע קאַלטע טעג אין געטאָ. עס גייען ארויס אין די פרימאָרגנס טויזנטער שקלאַפן צו דער אַרבעט. מען קומט צוריק מיט בינטלעך האָלץ און שפענער אויף די פּלייצעס אָנצוואַרעמען דעם ענגן צימער אויף צו נאַכט. דער געטאָ־טויער איז דער שפּאַלט צו דער פרייער וועלט. מען רייסט זיך אין שטאָט אויף ארבעט, כדי צו ברענגען מיט זיך א שטיקל ברויט אין טאָרבע. פרויען שטורעמען דעם טויער, און לייגן ניט קיין אַכט אויף די נאַגייקעס, וואָס פליען איבער זייערע קעפּ. קינדער בלייבן אין שטוב און בעטן עסן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן א שטילע עפּאָכע אין געטאָ, נאָר קלאַנגען פלעגן רייסן די נערוון. מען פלעגט כסדר אָנרופן דאַטעס פון אָנקומענדיקע גזירות, מיט ציטער געוואַרט אויף די דאַטעס, און מיט דערלייכטערונג זיי איבער־געוואַרט. אין צוים האָט זיך אָנגעהויבן וועבן א לעבן. יידישע מוזיקאַנטן האָבן קאָנצערטירט, קינסטלער האָבן געצייכנט, וויסנשאַפטלער האָבן לעק־ציעס געליינט.

מיר האָבן שוין א נייעם שפּיטאָל. יידן זיינען קראַנק, זיי היילן זיך און ווילן זיין געזונט. עס גייט אָן א מעדיצינישע ארבעט. דאָקטוירים באַמיען זיך אויך אין דער ענגשאַפט אויפצוהאלטן די היגיענע מיט אויפ־קלערונגען און רעוויזיעס. קלעפּיקע קראַנקהייטן באהאלטן מיר אויס, גיבן זיי ניט אָן אין די באַריכטן, כדי ניט צו שטעלן אין לעבנס־געפאַר דעם כלל. אינסטינקטיוו האָבן מיר געזוכט מיטלען ניט צו פארלירן דעם צלם אלהים, ניט אונטערגעבן זיך דער כסדרדיקער מרה־שחורה און האַלטן וואַך דעם מוח. מיר האָבן אָרגאַניזירט לעקציעס צווישן זיך אויף מעדיצינישע טעמעס. יעדער איינער אין זיין פאַך. מיר האָבן זיך באַמיט פון לעבן און דערפאַ־רונג ציען פּראַקטישע מסקנות. דער ציל פון דער גאנצער וויסנשאפטלע־כער און געזעלשאפטלעכער ארבעט איז געווען ניט זינקען אין אָפּגרונט פון יאוש, ניט פארלירן דעם קאָפּ.

דער שרייענדיקסטער ביישפּיל פון וועלן זיך צעשטרייען אין שעפערי־שער ארבעט פאר דער צוקונפט — זיינען געווען די שוועסטער־קורסן, וואָס מיר האָבן אָרגאַניזירטביים שפּיטאָל. ניט ווייל עס האָבן געפעלט שוועס־טער, נאָר ווייל די דאָקטוירים האָבן געוואָלט זיך אויסלעבן אויך אויפן פּע־דאַגאָגישן געביט. שעהן האָט מען פאַרבראַכט אין לייענען לעקציעס, אין באַטראַכטן די פאַרשידענע גרויסע אַנאַטאָמישע בילדער, וואָס איך האָב זיי באַשטעלט ביי א מאָלערין.

מען האָט געדארפט זיין מנחם־מענדלס, כדי אין דער טורמע נאָך צו טראכטן וועגן א קינפטיקן שוועסטער־דור, וואָס זאָל פלעגן יידישע חולים.

דער אינטערעס צו פּאָליטיק און פראָנט־נייס איז געווען וואָך אין די ערגסטע צייטן. א סך פון אונדז זיינען געווען זיכער, אז מיר וועלן ניט ארויסגיין פון וואָלפּס ציינער, און דער איינציקער זין און אָנהאַלט אין לעבן איז געווען — מפּלות פון שונא אויפן פראָנט. יעדע ידיעה האָט מען צעקייט און זיך אָנגעכאַפּט אָן איר, ווי א טרינקענדיקער אָן א שטרוי. יעדע קלענסטע מפּלה פון די דייטשן, פלעגט אויסוואקסן אין אונדזער פאַנ־טאַזיע צו א גרויסן נצחון פון אונדזערע פארבינדעטע. מיר האָבן איבער־טריבן. מיר האָבן געוואַרט אויף זייער מפּלה פיל־פיל פריער ווי זי איז גע־קומען. ספּאָנטאַן פלעגן זיך פארשפּרייטן קלאנגען וועגן פּאָליטישע קריזיסן אין דער דייטשער רעגירונג, אָדער וועגן גרויסע פראָנט־מפּלות, — פלעגט מען שוין ארומגיין מיט מונטערע בליקן און האָפן. אין א פּאָר טעג ארום — אנטוישונגען, אלץ פּוסטע מעשיות, און ווידער איינגעבויגענע רוקנס און האָפענונגסלאָזע אויגן. מען איז געוואָרן פילבאַר ווי נאַקעטע נערוון, און די שטימונגען האָבן זיך געביטן אין מינוטן. כוואַליעס פון הייטערקייט און בטחון און כוואליעס פון פארצווייפלונג און מרה־שחורה האָבן כסדר געשטראָמט איבערן געטאָ־לעבן — און דער געטאָ־ייד איז געשווומען אויף זיי ווי א פּאַסיווער שפּליטער אין א ברויזיקן ים.

ווי קארשונעס פלעגן אָנפליען געסטאַפּאָ־אויטאָס און ארויסרייסן פון אונדז קליינע גרופּעס צום דערשיסן. קיין סך האָט א ייד ניט געדארפט, כדי צו באקומען טויט־שטראָף. אמאָל א לעבל ברויט געקויפט אָן א זייט, אַמאָל צוליב א צייטונג, אמאָל צוליב דעם, וואָס א ייד האָט זיך דערלויבט אראָפּנעמען די געלע לאטע און גיין אין גאס ווי א פרייער מענטש. אָפט

פלעגן די סיבות בלייבן אומבאַקאַנט — פאַרוואָס דוקא די משפּחה איז צום טויט אַוועק און ניט אַן אַנדערע?

א יונגער בחור איז ארויס דורכן צוים. דער קאָמענדאַנט האָט אים פאַרהאַלטן, און א רעוואָלווער־קויל איז פאַרבייגעפלויגן פאַרביי דעם קאָ־מענדאַנט. דאָס געטאָ איז איינגעהילט אין טויט־שרעק. א ייד האָט גע־שאָסן אויפן קאָמענדאַנט. וואָס קאָן זיין ווייניקער ווי פאַרניכטן דאָס גאַנצע געטאָ? צוויי טעג האָבן מיר געוואַרט אויפן טויט. דער פּסק־דין איז אין אונדזערע אויגן געווען א מילדער. דער יונגער בחור איז געהאַנגען געוואָרן אין געטאָ אנטקעגן דעם הויז פונעם יידישן קאָמיטעט, זיין מאַמע און שוועסטער אוועקגעפירט אויפן פאָרט. דאַן האָט דער לייכטער אור־טייל אויסגעזען ווי אן אומפאַרשטענדלעכע גוטהאַרציקייט פון קאָמענדאַנט.

דאָס לעבן איז אריבערגעשפּרונגען איבער די עפּיזאָדן און איז זיך געגאַנגען ווייטער. יונגע־לייט האָבן אפילו חתונה געהאַט, מען האָט געפונען צייט צו ליבן זיך און צו געניסן פון עולם הזה. די, וואָס האָבן געהאַט גענוג צום עסן און טרינקען, פלעגן זיין פריילעך, טאַנצן, זיך פּוצן, פלירטעווען און הנאה האָבן פון לעבן. דאָס רוב איבערגעבליבענע זיינען געווען יונג, אין רעכטן לעבנס־בלי. די כסדרדיקע נערוועזע שפּאַנונג, דער כסדרדיקער טויט־שרעק, די האָפענונגסלאָזיקייט, האָבן נאָך מער געררייצט די אינסטינקטן און אפּעטיטן. מען האָט געוואָלט אריינכאַפּן פון לעבן די מינדסטע ברעק־לעך. אין די באַדינגונגען זיינען געבליבן שוואַכע סימנים פון אידעאַליזם, נאָר מאָמענטאַנע גענוסן און הנאות האָבן נאָך אמאָל אויסגעפּילט די פּוסט־קייט פון לעבן. בחורים און מיידלעך זיינען אריין אין געטאָ קינדער, זיינען אין געטאָ רייף געוואָרן און געקלאָגט אויף זייער פאַרלאָרענער יוגנט. ענערגישע יונגעלייט, פאַכמענער און אַקאַדעמיקער האָבן באַגראָבן זייערע פעאיקייטן און ענערגיע אין גראָבן גריבער אויפן פלוג־פּלאַץ, און זיי האָבן רעזיגנירט פון זייערע אַמאָליקע אַמביציעס.

א פּאָר טויזנט פרויען זיינען געבליבן אָן מענער. זיי האָבן געמוזט פירן א דאָפּלטן קאַמף, — דורך לעבנס־געפערלעכע וועגן פאַרשאַפן ברויט פאַר זיך און פאַר די קינדער, און זיך זיכערן דאָס לעבן פון פאַרשידענע אַקציעס, פאַרשיקונגען א.א.וו. מיט א מאַן אָדער א פאָטער, איז די משפּחה געווען זיכערער און געשיצטער. די פרויען, וועלכע האָבן שוין פאַרלאָרן זייערע מענער, האָבן זיך געטוליעט צו אן איינזאַמען מאַן, געזוכט און געפונ־

נען שוץ אין זיינע מענערשע אָרעמס. עס זיינען אַנטשטאַנען צענדליקער נייע פּאָרן, כדת אָדער ניט כדת, וועלכע האָבן צוזאמען געלעבט און צו־זאַמען געטראָגן די לאַסטן.

די פרוי אין געטאָ איז געווען מער העלד פון דעם מאַן און זי האָט א סך מער פון אים געליטן. אויסער די געווייינלעכע פליכטן וואָס יעדער געטאָ־ייד האָט געהאַט, ווי ארבעטן אויף א מיליטערישע ארבעטס־שטעלע, האָט זי געמוזט אין די אָונט־שעהן באזאָרגן איר מאַן און קינדער. די באַדינגונגען אין די ענגע געטאָ־צימערלעך זיינען געווען זייער שווערע, איבערהויפּט פאר דער פרוי. פון אָרעמע און צופעליקע עס־פּראָדוקטן פלעגט זי דאַרפן קאָכן א זאַטן מאָלצייט. וואַסער טראָגן, וועש וואַשן, האָלץ האַקן — דאָס איז געווען אָפּט איר ארבעט. איר אינטימער פרויען־לעבן איז געווען פול מיט געפאַרן צוליב די דראַסטישע באַפעלן, וועלכע האָבן פאַרבאָטן שוואַנגערשאַפט און געבורט.

די יידישע פרוי האָט זיך אין די גורלדיקע שעהן געהאַלטן בעסער און פעסטער פון מאַן. זי איז ניט ארייגעפאַלן אין אַן איבערטריבענעם בטחון און ניט אויפגעפרעסן געוואָרן פון פארצווייפלונג. זי איז צופיל געווען פארשלונגען אין טאָג־טעגלעכער זאָרג און האָט קיין צייט ניט געהאַט פאר מאָמענטאַנע שטימונגען.

זעט אויס, אז די היסטעריע ביי דער פרוי איז א רעזולטאַט פון א גוטן און זאָרגלאָזן לעבן. אין שווערן פיינפולן לעבן האָט די יידישע פרוי גע־טראָגן איר פרוי־און מוטער־לאסט מיט ווירדע און גרויסער גבורה.

מיר, אלס פרויען־דאָקטאָר, איז אויסגעקומען צו זען די פרוי אין אירע שווערסטע מינוטן, און איך האָב אלעמאָל באוואונדערט איר שטאַרקייט.

די כסדרדיקע נערוון־שפּאַנונג, זאָרגן און שווערע אַרבעט האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין בלוט פון דער פרוי און האָבן ארויסגערופן פּאַטאָלאָגישע דערשיינונגען אין איר פיזיאָלאָגיע. כמעט 80% פון די רייפע פרויען האָבן פאַרלאָרן די פעריאָדע. דער נאַטירלעכער שפּיל פון האָרמאָנען אין איר קערפּער האָט אָנגעוואָרן די געזעצמעסיקייט און דעם ריטם. פרויען פלעגן, ניט וויסנדיק, אריין אין די הויכע מאָנאַטן, ווען שוואַנגערשאפט איז שוין געווען א פאַרברעכן, און אזוי ארום זיך מוזן מאַכן לעבנס־געפערלעכע אָפּעראַציעס.

מיט קליינינקייטן, לייכטע פרויען־קראַנקהייטן, פלעגט די פרוי ניט קומען אין אמבולאַטאָריע. א סך קראנקהייטן, ביי מענטשן בכלל און ביי

דער פרוי בפרט, זיינען א רעזולטאַט פון צו פיל איבערטראַכטן, פון פחד פאַר ווערן קראַנק. די פרוי אין געטאָ האָט קיין צייט ניט געהאַט זיך אָפּ־געבן מיט זיך אליין, — פלעגט זיך ווענדן צום דאָקטאָר נאָר דאַן, ווען עס איז שוין געווען ערנסט און לעבנס־געפערלעך.

אין סעפּטעמבער 1942, האָט א באַפעל, וועלכער איז אויסגעהאנגען געוואָרן אין אלע געטאָ־גאסן, פאַרבאָטן געבורטן אין געטאָ און געדראָט מיט טויט־שטראָף פאַרן פאָטער, מוטער און קינד. מיר איז געלונגען צו פועלן, אז שוואַנגערע פרויען אין 8־טן און 9־טן מאָנאַט זאָל מען דערלויבן אויסטראָגן ביזן סוף. מען האָט זיך אָנגעהויבן באַהאַלטן מיט די געבורטן. שוואַנגערע פרויען זיינען אין גאַס ניט ארויס. אַלס דער אָפיציעלער שפּי־טאָל־געניקאָלאָג האָב איך געמוזט זאָרגן, אז די געבורטן זאָלן בלייבן בסוד, געבן דירעקטיוון די אקושאָרקעס און שוואַנגערע פרויען, ווי צו באַ־האַלטן דעם „פאַרברעכן", און געהייסן רופן מיך נאָר ביי קאָמפּליקאציעס.

א שוואַנגערע פרוי האָט אָנגעטראָפן א געסטאַפּאָ־מאַן, וואָס האָט פאַר־שריבן איר נאָמען און אַדרעס און האָט געדראָט, אין פאַל פון געבורט, מיט דער צוגעזאָגטער שטראָף. איך האָב פאַרשטאַנען, ווי ערנסט אונדזערע רוצחים גייען צו צו דער פראַגע. איך האָב זיך איבערצייגט, אז אין געטאָ מוז דורכגעפירט ווערן דער אַבאָרט, וועלכער איז דאָך דערלויבט אלעמאָל — ווען דער פרוי דראָט נאָר א לעבנס־געפאַר. ניט טובערקוליאָז אָדער אַן אַנדערע ערנסטע קראַנקהייט איז איצט געווען געפערלעך פאַר דער שוואַנגערשאַפט, נאָר געסטאַפּאָ מיט זייערע פאַרניכטונגס־פּלענער.

אין שפּיטאָל האָבן אָנגעהויבן שטראָמען פרויען אין אלע מאָנאַטן פון שוואַנגערשאַפט. איך בין צוגעטראָטן צו דער אַרבעט מיט א שווערן געמיט און צעבראָכן האַרץ.

דאָס לעבן איז געווען אזוי שווער און אויסזיכטלאָז, אז אפילו אָן די געס־טאַפּאָ באַפעלן האָט די פרוי ניט געוואָלט ברענגען א קינד אויף דער וועלט. עס זיינען אָבער געווען פרויען, וועלכע האָבן טראָץ אלע געפאַרן די שוואַנ־גערשאַפט ווייטער געצויגן און האָבן זיך דערוואַרט אויף לעבעדיקע קינדער. דער קלענסטער ווונטש פון דער פרוי ווייטער די שוואַנגערשאַפט אויסצובאַ־האַלטן, פלעגט ווערן דורך מיר אונטערשטיצט. איך האָב זיך געפּרייט מיט יעדער גבורה און אָפּפער־גרייטקייט, וואָס איך האָב געזען ביי דער יידישער מוטער.

עס קומט אַן אינטעליגענטע פרוי צו מיר, איך קאָנסטאַנטיר ביי איר א שוואַנגערשאַפט. זי פרעגט מיר צי זי קען וואַרטן א פּאָר וואָכן מיטן אַבאָרט. די סיבה פון וואַרטן איז געווען די קאָנפערענץ אין קאַזאַבלאַנקא. אפשר וועט זיך וואָס ענדערן. כאָטש איך האָב ניט געגלויבט אין א ישועה פאַר יידן פון די אַלע קאָנפערענצן, דאָך האָב איך ניט געוואַגט צו צע־שטערן די אילוזיעס פון דער פרוי. איך האָב איר דערלויבט וואַרטן ביז נאָך דער קאָנפערענץ.

פאַר יעדער וויכטיקער פּאָליטישער געשעעניש האָבן זיך געפונען פרויען, וועלכע האָבן פאַרבונדן זייער גליק א קינד צו האָבן — מיט די אויסזיכטן פון מלחמה־סוף. עס זיינען געווען פאַלן ווו איך האָב זיך גע־פילט שטאַרק שולדיק. איך אליין פלעג אויך אמאָל נכשל ווערן אין אי־בערטריבענעם בטחון, געמיינט — אָט אָט און דער קריג ענדיקט זיך. אין אזעלכע שטימונגען האָב איך געראַטן יונגע מוטערס ניט איבערצורייסן די שוואַנגערשאַפט. אין 9 מאָנאַט ארום — האָב איך געזאָגט — וועט אודאי נעמען א סוף, און איר וועט האָבן א קינד, וואָס וועט שוין לעבן פריי. די פרויען האָבן זיך אמאָל געלאָזט פירן פון מיינע עצות, און אין א יאָר צוויי ארום פלעגן זיי מיר אנטקעגנטראָגן א יאָריקן קינד און מיט א ביטערע איראָניע, אָן כעס, זאָגן: זעט איר, דאָקטאָר, איר האָט מיר צוגעזאָגט, אז דאָס קינד וועט שוין פריי זיין, ער איז שוין באַלד א יאָר און דער סוף זעט זיך נאָך ניט.

די שאַנסן אויסצוהיטן די הונדערטער קינדער פון געטאָ זיינען גע־וואָרן אַלץ קלענערע. פאַרשידענע קלאַנגען וועגן גורל פון קינדער אין אנדערע געטאָס מאַכן ציטערן די מוטערשע הערצער. מען טראַכט ווי צו ראַטעווען די אומשולדיקע עופהלעך. פון א שכנותדיקן געטאָ זיינען דער־גאַנגען ידיעות, אז דאָרטן איז פאָרגעקומען אַן אַקציע נאָר אויף קינדער. מען האָט ארויסגעריסן איינציקע הונדערט קינדער פון די עלטערנס הענט און זיי אוועקגעשיקט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג.

מען האָט געזוכט פאַרבינדונגען מיט קריסטן אין שטאָט און אין דאָרף און מען האָט זיי אוועקגעגעבן די קינדער. מען האָט די קינדער ארויס־געטראָגן אין רוקזעק, רענצלעך, מען האָט זיי ארויסגעגנבעט דורך לאַסט־פורן, וואָס פלעגן ארויספירן און ברענגען פאַרשידענע חפצים פון און אין געטאָ. פּיצינקע קינדערלעך האָט מען געשפּריצט שלאָפמיטלען, זיי זאָלן

ניט שרייען. די גרעסערע האָט מען אָנגעטאָן אין קליידער פון דערוואַק־סענע און ארויסגעפירט מיט ארבעטס־בריגאַדעס. אייניקע האָבן געהאַט באַקאַנטע קריסטן — און זיי פארטרויט דאָס טייערסטע. די באַקאַנטע קריסטן האָבן זיך געלאָזט באַצאָלן מיט געלט אָדער ווערט־זאַכן. עס האָט ניט איינמאָל פאַסירט, אז מען האָט געפונען א קינד זיך וואַלגערן ביים צוים אויף גאָטס באַראָט. די קריסטן פלעגן צונעמען דאָס גאָלד און געלט, — און אָפּברענגען דאָס קינד צוריק. אַזעלכע קינדער האָט די פּאָליציי געבראַכט אין שפּיטאָל. און די אומגליקלעכע עלטערן האָבן צוריק אָפּגענומען דאָס קינד.

מאַמעס זיינען ארומגעגאַנגען פאַרווינט, צעפּרעסן פון בענקשאַפט נאָכן קינד, וואָס האָט זיך געוואַלגערט ערגעץ אין פרעמדע הענט, אָן צערטלעכ־קייט און אָן ליבע. אנדערע זיינען ארומגעלאָפן, געזוכט, — און ניט גע־האָט וווּ און ביי וועמען איינצואָרדענען זייער קינד. מיינער א קאָלעגע וואָס האָט ניט געהאַט וווּ זיין קינד אָפּצוגעבן, איז אַוועק אויף א פּאָר־צווייפלטן וועג: אין שכנות פון זיין ארבעטס־פּלאַץ האָט געלעבט א קינ־דערלאָזע פּאָר. ער האָט זיין יאָריק קינד ארויסגעטראָגן אין א רוקזאַק און אוועקגעלייגט ביי דער טיר פון דער פּאָר. אויף מאָרגן איז ער אריין צום פויער און אים פאָרגעשלאָגן קויפן א קינדיש מאַנטעלע. ער האָט געפונען די פּאָר גליקלעך מיט דעם געפונענעם קינד. זיי האָבן ביי אים אָפּגעקויפט דאָס מאַנטעלע ביליג. ער פלעגט אָפט ארייַנגיין צום פויער מיט פארשי־דענע תרוצים, און פון וויטן זען ווי דאָס קינד שפּילט זיך אין בעטעלע און געניסט פון דער פרייהייט. א צווייטער קאָלעגע האָט זיין קינד אָפּגע־געבן צו אַן אומבאקאנטער פויערטע, יענע האָט דאָס קינד אָפּגעגעבן צו א צווייטער, דאָס צוויי־יאָריק מיידעלע איז אוועק פון האַנט צו האַנט און דער פאָטער האָט פארלאָרן די שפּורן פון קינד. עס איז שווער געווען צו קוקן אים אין פנים. ער איז ארומגעגאַנגען ווי א שאָטן, צעבראָכן, אין טיפער פארצווייפלונג.

די עלטערן האָבן זיך צעטיילט אויף צוויי טיילן. אייניקע האָבן געהאַלטן, אז מען דארף די קינדער אוועקגעבן פאר יעדן פרייז און ווי עס לאָזט זיך, אנדערע האָבן זיך איינגעשפּאַרט — ניט אוועקגעבן פון זיך דאָס קינד, אומקומען צוזאמען מיט אים, אויב עס איז באַשערט, אָבער ניט שיידן זיך. די ווייטערדיקע געשעענישן האָבן געוויזן, ווי פאַלש עס איז געווען אזא גבורה.

איך האָב דערוויייל באשלאָסן מיין קינד ניט אָפּצוגעבן. איך האָב געזוכט און קיין פּאַסיקן אָרט פאר אים ניט געפונען. קוקנדיק אויף זיין צאַרטן פּנים, אויף זיין צניעותדיקן כאראקטער, האָט דאָס הארץ געריסן פאר ווייטאָג. ער איז אזוי געהאנגען אָן זיין מוטער און מיר, אז עס איז זיך שווער געווען פאָרצושטעלן, ווי וועט דאָס קינד זיך אָפּרייסן פון אונדז און מער ניט געניסן פון אונדזער צערטלעכקייט. ער האָט הערן ניט געוואָלט פון אוועקגיין, ער האָט אויסגעמיטן געשפּרעכן אויף דער טעמע. ער האָט בכלל מער געשוויגן ווי גערעדט. נאָר פולע אויגן האָבן דערציילט פון זיינע טיפע קינדישע איבערלעבונגען.

די טעג גייען פאַרביי אין שווערער מעדיצינישער אַרבעט, כאָטש, צוליב מאַנגל אין אָפּעראציע־מאַטעריאַל, אָפּעריר איך נאָר דרינגענדע פאַלן, וואָס לאָזן זיך ניט אָפּלייגן. עס פעלן אינסטרומענטן, ניי־מאַטעריאלן און מעדיקאַמענטן, מען מוז אימפּראָוויזירן און ארבעטן — ווי עס לאָזט זיך און ווי מען קען. עס קומט אויס צו זוכן נייע וועגן אין מעדיצין, זיך ניט רעכענען מיט טעאָריע און ווּיסנשאַפטלעכע טראַדיציעס. פון צופעליק געפונענע אינסטרומענטן האָב איך צונויפגעשטעלט מיין אינסטרומענטאַריום, איין נייטיקער אינסטרומענט ווערט פאַרביטן דורך א צווייטן, אָפט פלעגט מיר אויסקומען זיך צו מאַטערן מיט דעם ניט פּאַסיקן אינסטרומענט און פאַרלירן דערביי צייט און נערוון. אנשטאָט צו נייען מיט קעטגוט אָדער זייד, האָב איך געמוזט נייען מיט איינפאַכע שניידערשע פאָדעם.

כאָטש עס איז אין קאָפּ ניט געלעגן צו מאַכן מעדיצינישע באַאָבאַכטונגען און צו לערנען פון די ספּעציפישע באדינגונגען, דאָך זיינען געוויסע דערשיינונגען ניט געבליבן אומבאַמערקט. די געבורטן זיינען פאַרלאָפן פיל לייכטער אין געטאָ. אַן ערשט געבורט פלעגט דויערן צוויי־דריי שעה. די סיבות פאר די לייכטע געבורטן זיינען געווען אייניקע: ערשטנס, די אָפּמאָגערונג פון דער פרוי אין איר הונגער־דיעטע, צווייטנס, דאָס קליינזיין פון קינד און דריטנס — דער פסיכישער מאָמענט, — דער ווילן וואָס גיכער פריי ווערן פון פאַרבאָטענעם געבורט און וואָס וויניקער צו שרייען. פארשידענע קרענקלעכע שוואַנגערשאַפט־דערשיינונגען, ווי געשוואָלענע פיס, א הויכער בלוט־דרוק, אייוויס אין אורין — איז ניט געווען בנמצא.

לאנגזאם געפינען מיר פארבינדונגען מיט שטאָטישע שפּיטעלער און באָרגן ביי זיי וואָס מיר דאַרפן. ס׳פלעגט מיר אויסקומען ארויסגיין פון געטאָ

אין באַגלייטונג — פון א פּאָסטן, וועלכער פלעגט מיר נאָכגיין אין מיטן גאַס מיטן ביקס אין האַנט, שיס־באַרייט, און באַזוכן שפּיטעלער, ווו דאָס לעבן איז געגאַנגען נאָרמאַל. איין קילאָמעטער פון אונדז האָבן מענטשן געלעבט, גע־ארבעט און האָבן קיין אנונג ניט געהאַט פון אונדזער גיהנום. איך האָב באַזוכט א פּראָפעסאָר וואָס איז געזעסן אין זיין באַקוועמע דירה, אין זיין שיינעם קאַבינעט, ווי אויף דער וועלט וואָלט זיך גאָרניט געביטן. די גויים האָבן אונדז ניט באַרואיקט, ניט געטרייסט, נאָר פאַרקערט, שווער געמאַכט דאָס האַרץ, נאָך מער פאַרטיפט דעם יאוש.

אָפט בין איך געשטאַנען אַלס דאָקטאָר פאַר פּראָבלעמען, וועלכע זיינען שווער געווען צו אנטשיידן. דער ווונטש פון יידישן קאָמיטעט אַנטקעגנ־צוקומען די דייטשן מיט פאַרשידענע לאַסקעס און געבן שוחד אין פאַר־שידענע פאָרמען — האָט מיר אויך געקאָסט ניט ווייניק נערוון און שלאָפ־לאָזע נעכט.

א יידישער געסטאַפּאָ־אגענט, וואָס איז באַפרייט געוואָרן דורך די דייטשן פון דער סאָוויעטישער טורמע, האָט זיך גלייך פון אָנהויב פאַרבונדן מיט זיי און איז געווען דער איינציקער ייד, וועמען די דייטשן האָבן דער־לויבט פריי צו לעבן אין שטאָט, מיט זיין פרוי אוןביידע טעכטער. ער פלעגט אָפט קומען אין געטאָ צו זיינע באַקאַנטע, און אין קאָמיטעט. מיט אַן אָפּגעפּרעסענעם פּנים, אויסגעפּוצט, אָן געלע לאַטעס. זיין קומען אין געטאָ פלעגט זיין, ווי א בייזער רייצן זיך מיט אונדז. זיין ווילדקייט, גראָב־קייט און לייכטזיניקייט, פלעגט א סך נערוון קאָסטן דעם יידישן קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך אלעמאָל באַמיט, אויס פּחד, צו לעבן מיט אים גוט און אנטקעגנקומען זיינע קאַפּריזן.

אין א שפּעטן ווינטערדיקן אָוונט שיקט מען מיר רופן אין קאָמיטעט. איך קום — און הער אין אַ צימער זיין ברוטאַלע שטים. ער רופט מיך אריין צו זיך און מיט אַ טאָן פון א באַפעל דערקלערט ער, אז זיין פרוי האָט פאַרשוואַנגערט און דעריבער מוז איך קומען אין שטאָט, — זי צו באַפרייען פון דער שוואַנגערשאַפט. איך האָב זיך געפּרוווט ווערן. איך האָב זיך באַמיט צו דערווייזן, ווי שווער דאָס איז טעכניש דורכצופירן. ער האָט געהערט דעם טאָן. נאָר ווען אונדזער עלטסטער ייד, א חשובער דאָק־טאָר, וואָס איז געשטאַנען בראש פון געטאָ, האָט מיר באַפוילן, האָב איך זיך אונטערגעגעבן.

אין א באַשטימטן טאָג בין איך אריין אין דער געסטאַפּאָ־בריגאַדע פון יידישע שקלאַפן. אייך ייד האָט געגומען אין א זאַק די אינסטרומענטן אויפן פּלייצע, דער צווייטער מיין פאָרטפעל — און איך בין ארויס פון טויער. אָנגעקומען בין איך אין הויף פון דער געסטאַפּאָ. דאָס איז געווען דער „היכל״ פון מענטשלעכער טומאה. פון דאָרטן האָט מען מיר באַגלייט צו דער וווינונג פון דעם אויסוואורף־ייד.

איך בין אריין אין א שיין מעבלירטע וווינונג, און מיינע אויגן האָבן ניט געגלויבט, אז דאָ וווינט א ייד. מיט אן אינערלעכן ציטער האָב איך געמאַכט מיין ארבעט. ביי יעדן קלונג אין טיר און אין טעלעפאָן האָט מיין האַרץ געוואָלט ארויספליען. אז איך האָב געענדיקט, בין איך געווען מיד און אויסגעשעפּט, ווי נאָך א שווערער אָפּעראַציע.

דער מאַן האָט גערעדט מיט מיר שוין מיט אַן אַנדער טאָן און געזוכט זיך ריינצווואַשן אין מיינע אויגן. דער ציל פון זיין ארבעט איז, כאילו, ראַטעווען יידן. ער זעט, אז דאָס איז זייער שווער. ער דערציילט מיר פון זיין באַקאַנטשאַפט מיט די דייטשן, פון די הוליאַנקעס און אָרגיעס, וואָס קומען פאָר ביי אים אין שטוב — און יעדעס וואָרט ברענט מיר ווי העלישער פייער. זיינע צוויי טעכטער, ווילע מיידלעך, נאָר ארייננעצויגן אין שמוציקן לעבן פון טאַטן, ריידן פון א נעכטיקן פילם אין קינאָ, פון טאַנצן, פאַר זיי איז די גאַנצע וועלט אָפן, און אַלץ בזכות פון זייער טאַטן דעם אויסוואורף.

די פרוי, נאָכן אַבאָרט, ליגט און רויכערט א סיגאַרעט, און פרעגט מיך אויס, דרך־אגב, וואָס אין געטאָ טוט זיך. שאָקלט מיטן קאָפּ און מאַכט א ליידנדיקן פנים. זי שלאָגט מיר פאָר מיט זיי מיטאָג עסן. כאָטש איך האָב געבענקט נאָך א זאַטן מיטאָג, האָב איך זיך ארויסגעדרייט מיט פאַרשידענע תרוצים, דער געדאַנק צו זיצן און עסן מיט די מענטשן ביי איין טיש איז געווען פאַר מיר אוממעגלעך. זיי האָבן מסתמא פאַרשטאַנען, און מער מיך ניט געפּלאָגט מיט זייער גאַסטפריינדלעכקייט. איך בין אוועק צוריק מיטן זעלבן וועג.

ארייננייענדיק דורכן געטאָ־טויער, האָב איך פרייער אָפּגעאָטעמט, איך בין דאָך געקומען פון א געפערלעכן וועג בשלום אהיים.

איינמאָל שיקט מען מיך רופן אין יידישן אַרבעטס־אַמט. דער אַמט איז געווען פאַרבונדן מיט די דייטשע ארבעטס־פּלעצער, ער האָט צוגעשטעלט שקלאַפן צו פאַרשידענע אַרבעטן, און אָנגעפירט מיטן אַרבעטס־

מאַרק. מיינער א ידיד פאַרשליסט זיך מיט מיר אין א צימער און הויבט אָן זייער פאָרזיכטיק מיר צו דערציילן פאָלגענדעס: — די פּאָר טויזנט יידן, וואָס ארבעטן אויפן פלוג־פּלאַץ, באקומען ספּעציעלע שפּייז־ראַציאָנען פון ברויט, קארטאָפל און זויערע קרויט. פון אָן אלטן דייטש, וואָס פאַרוואַל־טעט מיט די פּראָדוקטן, א בייזער יעקע, איז אָפּהענגיק די גאַנצע עקאָנאָמיק פון געטאָ. אז ער וויל, באקומען מיר מיט עטלעכע הונדערט לעבלעך ברויט מער א טאָג, און דאָס איז א גרויס גליק פארן גאַנצן געטאָ. און אז ער וויל, קען ער אויסהונגערן דעם געטאָ אין א מאָנאַט צייט. דעם אַלטן יעקע האָט פּאַסירט אַן אומגליק. זיין סעקרעטאַרין האָט פון אים פאַר־שוואַנגערט. יענער האָט אים פאַרטרויט דעם סוד און האָט געזאָגט, אז אויב מען וויל האָבן ברויט און קאַרטאָפל בשפע, — מוז מען אים ארויס־העלפן מיט א יידישן דאָקטאָר. טאָמער ניט — וועט די „פריינדשאַפט“ ווערן צעריסן אויף שטענדיק.

מיין ידיד האָט געוווּסט, אז איך וועל אויף אזא פאָרשלאָג ניט איינגיין. האָט ער מיך נאָר געבעטן מיטקומען מיט די פלוגפּלאַץ־ארבעטער, כדי זיך אליין דורכצושמועסן מיטן דייטש. אפשר וועל איך געפינען אַן אויסוועג, — און ברויט פאַרן געטאָ וועט זיין געזיכערט.

איך בין אוועק אין די אַרבעטער־רייען. מען האָט מיך אריינגעפירט אין זיין קאַבינעט און מיך פאר אים פאָרגעשטעלט. דער יעקע האָט זיך געפילט אומבאַקוועם. בעטן א יידן זיצן — האָט ער ניט געטאָרט. איז ער אויך געשטאַנען און האָט אין קורצן דערציילט, וואָס מיט אים האָט פּאַ־סירט. ער האָט מיך זייער געבעטן, איך זאָל אים ארויסהעלפן. דערפאַר וועט זיין ברויט און פּוטער און אלע גוטע זאַכן. דער הונט האָט אָנגעהויבן צו קריכן אויף אלע פיר פאַרן יידן, — ווייל ער האָט געדאַרפט פון אים האָבן א טובה. ער האָט פאָרגעשלאָגן, אז ער וועט אָנטאָן זיין געליבטע — געלע לאַטעס. ער וועט זי ברענגען מיט אן אויטאָ אין געטאָ, כדי איך זאָל זי אָפּערירן — ווי א יידישע.

איך האָב זיך גלייך אָפּגעזאָגט. דער תירוץ איז געווען — אז מיט מיין לעבן וואָלט איך ריזיקירט פאַר אים, אָבער מיטן לעבן פון מיין משפחה — קען איך ניט ריזיקירן.

ער האָט געזען, אז ער קען מיט מיר גאָרניט מאַכן, האָט ער מיך גע־בעטן, איך זאָל זיך דורכריידן מיט איר. בלויז אונטערזוכן אַן אַריערין איז אויך געווען א גרויס פאַרברעכן. אָבער אויף דעם האָב איך שוין געמוזט

איינגיין. איך האָב איר געראַטן זיך ווענדן צו ניט קיין יידישן דאָקטאָר, וועלכער וועט איר העלפן.

מיין עצה איז, ווייזט אויס, געווען גוט. והראיה, דער חסד פונעם דייטש איז ניט אָפגעטאָן געוואָרן פון אונדז, און זיין באַציאונג איז ניט גע־וואָרן ערגער.

איינמאָל, בעת אַן אָפּעראַציע, די פרוי איז געלעגן נאַקעט אויפן טיש, גיט זיך פלוצלונג אַן עפן אויף די טיר, און עס גייט אריין דער קאָמענדאַנט פון געטאָ, מיט א רעוואָלווער אין האַנט. ער שטעלט זיך אוועק הינטער מיר און קוקט צו וואָס איך מאַך. איך האָב ווייטער געאַרבעט ניט לייגנ־דיק קיין אַכט אויף אים. אין א פּאָר וואָכן ארום שיקט ער מיך רופן. א חברטע פון זיינעם א נאָענטן פריינט, זאָגט ער, איז אין א צרה. ער וויל איך זאָל אים העלפן. ער פאַרשטייט אַז איך האָב מורא, אָבער ער ריזיקירט אויך דערביי מיט זיין קאָפּ. און איך קען רואיק זיין, דער סוד וועט בלייבן נאָר צווישן אונדזביידן. איך האָב זיך געדרייט ווי אַ שלאַנג און דערוויזן, אַז דאָס איז געפערלעך פאַר אַלעמען, און איבערהויפּט פאַר דער פרוי — אין די ניט־זויבערע באַדינגונגען פון געטאָ. ער האָט זיך דאָסמאָל באַ־גנוגנט מיט אַן עצה און האָט מיך אָפּגעלאָזט. עד היום ווייס איך ניט, צי דאָס איז געווען א פּראָוואָקאַציע צי ניט.

איך בין אלעמאָל מיט נסים ארויסגעקראָכן פון די שווערע סיטואַציעס. איך דערמאָן די עפּיזאָדן, כדי צו ווייזן אַן איבעריקן מאָל — פון וואָס און פון וועמען איז געווען אָפּהענגיק אונדזער לעבן.

דער גרויזאמער נעכטן און דער אויסזיכטלאָזער מאָרגן האָבן געררייצט דעם מענטשן צו געניסן פונעם היינט, — צו פאַנגען מינוטן פון גליק. דער סעקסועלער טריב איז שטאַרק געוואַקסן, און צוזאמען מיט דעם איז אויך געוואַקסן די צאָל שוואַנגערשאפטן. קיין שוץ־מיטלען קעגן שוואַנגערשאַפט זיינען ניט געווען, שוואַנגערן האָט מען ניט געטאָרט — איז געבליבן דער אַבאָרט.

די צאָל אַבאָרטן איז געשטיגן מיט יעדן טאָג. א לענגערע צייט האָבן מיר קיין שפּיטאָל ניט געהאַט, איז אויסגעקומען דורכצופירן קלענערע און גרעסערע אָפּעראַציעס ביי די פאַרשידנסטע און ערגסטע באַדינגונגען. אויף ביי־מאַשינעס, אויף אויוונס, — אין א טונקעלן צימער אָדער אין אַן ענ־גער קיך, אויף א בוידעם אָדער אין א פינצטערן קעלער.

ווען מיר האָבן זוכה געווען צו א שפּיטאָל מיט א גוטן אָפּעראַציע־צימער, איז די שמחה געווען גרויס. די קליינע אָבער געפערלעכע אָפּעראַציע איז געמאַכט געוואָרן אין גוטע מעדיצינישע באַדינגונגען. מיר האָבן אָפּגעשניטן דעם וועג פאר באַבקעס, אַקושאָרקעס און אנדערע אַבאָרטן־מאַכערס, וועלכע וואָלטן אויסגענוצט דעם אומגליק פון דער פרוי פאַרן אייגענעם אינטערעס. די אָפּעראַציע איז דורכגעפירט געוואָרן אָפּן, מיטן בעסטן וויסן און געוויסן.

זייער שווער איז געווען מיט שוואַנגערשאַפטן אין די הויכע מאָנאַטן. עס האָבן געפעלט אָפּעראַציע־מאַטעריאַלן און איך האָב געמוזט גיין אויף א פרימיטיווערן און געפערלעכערן וועג. מאָמענטנווייז איז דאָס לעבן מיאוס געוואָרן פון דער צעשטערערישער אַרבעט. אַנשטאָט צו זיין גליקלעך אין איר מוטערלעכקייט, פלעגט די פרוי דערשיינען ביי מיר אין אַמבולאַטאָריע נידערגעשלאָגן און צעשראָקן. די שוואַנגערשאַפט האָט געטראָגן מיט זיך ניט קיין אָנזאָג פון קומענדיקן לעבן, נאָר טויזנטער טויט־געפאַרן. אָט האָב איך ארויסגעצויגן מיט צוואַנגען א לעבעדיק קינד און זיך געפרייט מיט זיין ערשטן געשריי. איך האָט דערלאַנגט דער מוטער איר קינד און דערמיט זי געשטעלט אין נאָך א גרעסערער געפאַר.

דאָס געפיל פון שעפערישער פּאָזיטיווער הילף ביי געבורטן איז אויך דאַן געווען א הערלעך געפיל, — אָבער נאָר סוביעקטיוו. אָביעקטיוו האָב איך דער פרוי קיין נוצן ניט געבראַכט. אין געוויסע סיטואַציעס האָב איך געמוזט זיך דרייען אין אלע זייטן, כדי יוצא צו זיין פאר דער פרוי, פאַרן ניי־געבאָרענעם — און פאַרן באַפעל.

איינמאָל איז צו מיר געקומען א יונגע, ניט פאַרהייראַטע פרוי, מיט א שוואַנגערשאַפט אין 8־טן מאָנאַט. ביז זי איז ניט געקומען צו מיר, — האָט זי ניט געוווסט, אז זי שוואַנגערט. לעבעדיקע קינדער צו געבאָרן איז פאַרבאָטן. דער טאַטע איז א חשובער ייד אין געטאָ, און א געבורט וועט אפילו אין די געטאָ־באַדינגונגען זיין א קאַטאַסטראָפע פאר איר און דער משפחה. זי האָט געוואָלט זיך דאָס לעבן נעמען. בעת דער געבורט, וועלכע איז פאָרגעקומען אין איר ענגן צימערל, האָט מיין קראַנקן־שוועסטער ארויסגעטריבן די גאַנצע משפחה אונטער פאַרשידענע תירוצים.

אונדזער פּלאַן וואָס צו טאָן מיט דעם קינד איז געווען באַטראַכט לכתחילה. ווען זי האָט אָפּגעהאַט דאָס קינד און איז געווען אונטער א לייכטער נאַרקאָזע, האָט די קראַנקן־שוועסטער גענומען דאָס קינד אין א גרוי־

סער האַנט־טאַש און דאָס אונטערגעוואָרפן אויף די טרעפּ פון געטאָ־שפּיטאָל. אזוי ארום איז דער לייטער פון שפּיטאָל ניט געווען פאראנט־וואָרטלעך. טאָמער פרעגן אים די דייטשן, ווי עס קומט צו אים אין שפּיטאָל א ניי געבאָרן קינד, וועט ער ענטפערן — מען האָט עס אויף די טרעפּ גע־פונען. קיין אַנדער מעגלעכקייט צו באַהאַלטן דעם סוד און דערהאלטן דאָס קינד ביים לעבן איז ניט געווען. קראנקן־שוועסטערס האָבן געפונען אויף די שפּיטאָל־טרעפּ דאָס שרייענדיק קינד, און זיי האָבן עס ארייגעגנומען אין קינדער־צימער. דאָס קינד האָט געלעבט בלויז צען טעג, — און איז אומגעקומען פון מאַנגל אין מוטער־מילך.

אזא גורל־שפּיל, אז א דאָקטאָר זאָל דארפן אונטערוואַרפן א ניי־געבאָרן קינד צו זיך אין שפּיטאָל, — האָט נאָר דער טייוול אליין גע־קאָנט צוטראַכטן.

# קלאַנגען

דאָס געטאָ איז פאַרנומען מיט די קאַמפן פון סטאַלינגראַד. מען הערט נישט אויף צו וועטן זיך, טרעפן און דיסקוטירן. די דייטשע מפּלות ביי סטאַלינגראַד און דאָס לויפן פון דער דייטשער אַרמיי צוריק, האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם לעבן אין געטאָ. מען האָט אויפגעהויבן העכער דעם קאָפּ, מען האָט זיך געפילט ווי מחותנים אין די גרויסע נצחונות. מען האָט אָנגעהויבן מוטיקער און העזהדיקער צו קוקן די דייטשן אין די אויגן. די גאַנצע פּסיכיק האָט זיך געביטן. מען איז אַרויס פון דעם אַפּאַטישן צושטאַנד, און שטימונגען פון קאַמף האָבן זיך געמערט צווישן דער יוגנט. די יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן. מען פלעגט זיך פאַרזאַמלען אין קרייזלעך און שמועסן, אויסהערן פאָרטראַגן און זיך לאַנגזאַם אויסטשוכען פונעם שלאָף. קליינע יוגנט־גרופּעס זיינען אַוועק אין וואַלד און האָבן זיך פאַרבונדן מיט די רוסישע פּאַרטיזאַנער. מען איז געקומען צוריק, אָרגאַניזירט נייע גרופּן, און ווידער אַוועק. דער קאָמיטעט און די יידישע פּאָליציי האָבן געוווסט פון דעם אויסוואַנדערונגס־פּראָצעס, און האָבן מיטגעהאָלפן יונגע קרעפּטיקע מענטשן אַוועקצוגיין און נעמען זייער גורל אין אייגענע הענט.

מיך האָט מען איינגעשפּאַנט אין אַ ענגען קרייז פון קראַנקן־שוועסטער, ווו איך האָב געדאַרפט לייענען לעקציעס פון ערשטע הילף. די שוועסטער האָבן געדאַרפט אין וואַלד פאַרטרעטן דאָקטוירים, און דאָרט אפילו אויספירן קלענערע אָפּעראַציעס. מיין קראַנקן־שוועסטער, וועלכע איז אין געטאָ געווען מיין רעכטע האַנט, איז אויך אַוועק. ס׳איז מיר שווער געווען צו בלייבן אָן איר, דאָך האָב איך ניט געוואַגט איר צו פאַרבאָטן ראַטעווען איר יונג לעבן. כאָטש פאַר אונדז האָט זיך ווייניק וואָס געענדערט, איז דאָס לעבן דאָך געוואָרן זינפולער. מיר האָבן געפילט, אז דער ריזיקער דייטשער כוח איז געבראָכן. די ידיעות וועגן איטאַליעס קאַפּיטולאַציע האָבן אונדז

ארײַנגעװאָרפֿן אין אַן איבערטריבענער התלהבות. ייִדן האָבן געהוליעט, מען האָט געטרונקען בראַנפֿן און זיך געװוּנטשן א גיכן סוף פֿון היטלערן. עס האָט זיך אַזױ שטאַרק געװאָלט לעבן און דערלעבן, אַז אַזעלכע פּאָליטי־שע געשעענישן האָבן אונדז משוגע געמאַכט און מיר פֿלעגן פֿאַרגעסן די אַרומיקע צרות.

איך דערמאָן מיך טיפֿן פֿון מײַנע שכנים, װעלכע פֿלעגן גאַנץ פֿאַר־שיידן רעאַגירן אויף יעדע געשעעניש. אײנער האָט געהאַט אויף אַלץ, װאָס איז פֿאָרגעקומען אַרום אונדז, אײן זאַץ: „דאָס ליד איז אויס — מיר זײַ־נען פֿאַרלאָרן". א צװײטער פֿלעגט גלײַך אַרײַנפֿאַלן אין העכסטער הת־פּעלות: „אָט שוין איז אַן ענדע צו אַלע צרות. איר הערט דען ניט, דאָק־טאָר, די װײַטע דעטאָנאַציעס פֿון דער רוסישער אַרטילעריע? איר זעט דען ניט די גרויסע באַװעגונג אויף די שאָסייען?" — אין זײַנע אויגן פֿלעגט ברענען א װילד פֿײַערל פֿון האָפֿענונג און בטחון, און ער פֿלעגט כסדר זאָגן: „גאָט צו דאַנקען!" ער האָט ניט דערלעבט דעם סוף, אָבער אַזױ צו לעבן איז געװען לײַכטער.

עס האָבן זיך װידער דערנענטערט שװערע טעג פֿאַרן געטאָ. א װאָרט — „קאָנצענטרירונג", איז געגאַנגען פֿון מויל צו מויל. דער האָט געזאָגט, אַז יענער האָט געהערט, אַז מען גײט צעפּיצלען אונדזער געטאָ אויף קלײנע לאַגערן, צופּיל ייִדן אויף אײן אָרט, מען דאַרף אונדז פֿאַנאַדערװאַרפֿן. װעט זײַן לײַכטער אונדז צו היטן און אין נויטיקן מאָמענט — אונדז צו פֿאַרניכטן. די קלאַנגען װערן אַלץ קאָנקרעטער. מען רעדט שוין װעגן 3500 ייִדן, װאָס דאַרפֿן פֿאַרלאָזן דעם געטאָ און װערן אײַנגעשפּאַרט אין א ליטװישן דאָרף, אין אַן איזאָלירטן לאַגער. געסטאַפּאָ אונטערהאַנדלט מיטן קאָמיטעט װעגן דעם. מען זאָגט צו, אַז דאָס איז נאָר אַן איבערזידלונג און עס װעט מיט די מענטשן גאָרניט פּאַסירן. דער קאָמיטעט האָט צוגע־גרײט רשימות פֿון די, װאָס דאַרפֿן אַהין גײן.

דער טאָג איז געקומען און עס האָט זיך אָנגעהויבן די צוגעזאָגטע אי־בערזידלונג. ייִדישע פּאָליציי אין דער באַגלײטונג פֿון א באַװאָפֿנטן ס.ס.־מאַן האָט באַזוכט די הײַזער, געמאָלדן מען זאָל זיך פֿאַרפּאַקן, געגעבן אפֿילו טראַנספּאָרט־מעגלעכקײטן, — און דער ערשטער האַלבער טאָג איז פֿאַרבײַ שטיל און רויִק. די גרעסטע טײל איז געגאַנגען מיט דער בלאָסער האָפֿע־נונג, אַז זײ בײַטן נאָר זײער אָרט, און זײ האָבן זיך געלאָזט פֿאַרפֿירן דורך

די געסטאַפּאָ הבטחות. א קלענערער טייל, פון די וואָס האָבן פיגורירט אין די אָנגעגעבענע רשימות, האָט זיך אויסבאהאלטן — און אזוי ארום האָט געפעלט די נויטיקע צאָל.

נאָך מיטאָג האָט זיך שוין געפילט א שפּאַנונג, עס האָבן זיך פארשפּרייט קלאַנגען, אז די רוצחים זיינען בייז, און עס האָט זיך אָנגעהויבן א געיעג אויף מענטשן. מען האָט ארומגערינגלט גאנצע הייזער־בלאָקן, און גע־טריבן פון די הייזער אויף די צוגעגרייטע לאסט־אויטאָס. אין איין מאָמענט האָבן זיי אויסגעקערט דעם פעלץ, און עס האָט שוין געבושעוועט די ווילדע חיה. ערשט דאַן האָבן יידן דערפילט, אז דאָס איז ניט קיין איינפאַכע אי־בערזידלונג און האָבן אויפגעהערט צו גלויבן אין די הבטחות. מען האָט זיך נאָך מער אויסבאַהאַלטן פאר דעם מענטשן־יאַגד. דאָס געטאָ איז שוין גע־ווען איינגעהילט אין טויט־שרעק און פאַניק. אז די צאָל איז געוואָרן פול, האָט דער מענטשן־פאַנג אויפגעהערט. מען האָט גלייך געוווסט וועלכע באַ־קאנטע און פריינט זיינען אוועק אויף דעם אומבאַקאַנטן וועג. שפּעט אין אָוונט זיינען דערגאַנגען צו אונדז ידיעות, אז די מענטשן זיינען פארלאָדן געוואָרן אין בהמות־וואַגאָנעס, מען האָט צעריסן די משפחות, אוועקגערויבט מיט חיהשער בלוטדורשט די קינדער און אָפּגעפירט זיי אין אַן אומבאַ־קאַנטער ריכטונג.

אונדזער דאָקטוירים־משפחה איז אויך קלענער געוואָרן. אייניקע דאָקטוירים האָט מען אריינגעשליידערט אין די לאַסט־אויטאָס און אוועק־געפירט. א שטיק צייט נאָך דעם איז באַקאַנט געוואָרן, אז געסטאַפּאָ האָט אונדז ווידער פאַרנאַרט מיט א ליגן. דער יידישער קאָמיטעט איז אריין אין אַ פאַסטקע. אוועקגעפירט האָט מען זיי ניט אין א שכנותדיקן דאָרף, נאָר ווייט אין עסטלאַנד, נעבן די קריגס־ליניעס, אין רעכטן פראָנט־פייער, ווו דאָס רוב האָט באַדאַרפט אומקומען פון שווערער אַרבעט, פון הונגער און באָמבעס.

# קינדער

די סצענעס ביי די וואַגאָנעס בעתן אַוועקרייסן די קינדער, די געשרייען פון די מאַמעס, די אלע אכזריות, זיינען אין געטאָ איבערדערציילט געוואָרן מיט אלע פּרטים. און די געפאַרן פאַר די קינדער אין געטאָ האָבן אויסגעזען נאָך גרעסער. דער פּראָצעס פון ארויסגנבענען קינדער דורכן צוים און אָפּ־געבן צו פּויערים האָט זיך פארשטאַרקט. מאַמעס קומען נאָך שלאָף־טאַבלעטן, כדי צו פארשלעפערן די קינדער פארן ארויסטראָגן זיי דורכן צוים און דורכן טויער. א קינד האָט באקומען א לומינאַל־איינשפּריצונג, און אז מען איז אָנגעקומען מיט אים אויף אן אָרט און אים ארויסגענומען פון רוקזאַק, איז ער שוין געווען טויט. אנדערע קינדערלעך אין עלטער פון 3—4 יאָר האָבן אלץ פארשטאַנען און געבעטן, אז מען זאָל זיי ארויסטראָגן אָן רפואות — זיי וועלן זיין רואיק און ניט וויינען. אָפט פלעג איך שטוינען פון דער פריצייטיקער חכמה, — ווי טיף די קינדער האָבן זייער לאַגע פאַר־שטאַנען. פלעגסט הערן פון קינדער געשפּרעכן, וואָס האָבן ווי שפּיזלען געשטאָכן.

איך האָב זיך אָפט צוגעקוקט צו די קינדערשע שפּילן אין הויף. זיי פלעגן זיך שפּילן אין אַקציעס, אויסגראָבן גריבער און זיך צעטיילן אין דייטשן און יידן. די קינדער „דייטשן", פלעגן ברילן, שרייען, מאַכן גזלנישע פּנימער און זידלען די קינדער „יידן". אָפט פלעגט מען א היטלערן אריינ־שטעלן אין א גרוב און פארשיטן. מען פלעגט שפּילן אין אַרבעטס־ברי־גאַדעס און דורכגיין קאָנטראָלן פון דייטשן, וואָס האָבן געשלאָגן און גע־זידלט. די גאנצע יידן־טראַגעדיע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין די קינדער־שע שפּילן.

מיין זון פאַרטראַכט עצות ווו זיך אין געפאַר־צייט צו פארשטעקן. אַוועקגיין פון אונדז האָט ער ניט געוואָלט. און מיר, עלטערן, זיינען געווען לייכטזיניק און זיך געפרייט מיט זיין עקשנות. ווי לייכטזיניק און געפער־לעך עס זיינען געווען סענטימענטן אין דער לאַגע, און ווי וויניק האָט גע־

פעלט, אַז די שטאַרקע עלטערן־צוגעבונדנקייט און ליבע זאָל קאָסטן דאָס לעבן פון קינד.

יידן האָבן אָנגעהויבן אין די פרייע שעהן זיך פאַרשטעקן אין א קעלער און דאָרט גראָבן. מען האָט ווי ווערעם געזוכט די זיכערקייט אין דער טיפ־קייט פון דער ערד. ווער עס האָט געקענט האָט אליין געגראָבן, ווער עס האָט געהאַט מעגלעכקייטן האָט געדונגען ארבעטער. עס זיינען שוין געווען אונטערנעמער, וועלכע פלעגן אָננעמען פּאָדריאַדן אויסצובויען „מאַלינעס" — אזוי האָבן געהייסן די בונקערס אויפן געטאָ־לשון. מען האָט דערציילט פון „מאַלינעס" מיט באקוועמלעכקייטן, גוט פארטראכטע און פארמאַסקירטע, מיט אָנגעגרייטע עס־פּראָדוקטן און וואסער אויף א לענ־גערער צייט. אין א צייט פון געפאר פלעגן יידן אהין פארקריכן און אָפּ־ליגן טעג ביז די סכנה איז אריבער.

עס דערנענטערט זיך פרילינג — מערץ, 1944. דאָס געטאָ איז פאר־נומען מיט די פראָנט־נצחונות. די דייטשע ליניעס פּלאַצן. די רוסן שלינגען איין צוריק הונדערטער קילאָמעטערס און די דייטשן לויפן אָן א קאָפּ. יעדן טאָג ניי צוריקגענומענע שטעט, און פארן געטאָ־ייד נייע ליכט־שטראַלן פון האָפענונג. יעדער דורכגעלעבטער טאָג דערנענ־טערט היטלערס סוף. אונדזערע געטאָ־פּאָליטיקער און סטראַטעגן זיינען געזעסן ביי געאָגראפישע קארטעס, מען האָט קאָמענטירט און דיסקוטירט און אויסגערעכנט ווען און ווי וועט די ישועה קומען.

די דערנערונג אין געטאָ איז געוואָרן לייכטער, מען האָט זיך גוט צו־געפּאַסט צו די באדינגונגען. די עקאָנאָמיק פון געטאָ האָט זיך געהאַט איר געזעצמעסיקייט. דער דערפינדערישער יידישער גייסט האָט געצאַפּלט אפילו צווישן די שטעכעדיקע דראָטן.

דער הויפּט־מקור פון פרנסה זיינען געווען קליידער, וועלכע פלעגן מיט סכנות ארויסגעטראָגן און פארקויפט ווערן צו פויערים פאר געלט, אָדער ווערן אויסגעביטן פאר עס־פּראָדוקטן. עס האָבן געלעבט דערפון די פאַרקויפער, די פאַרמיטלער און ארויסטראָגער. אויסער פאַרטיקע זאַכן, וועלכע זיינען געבליבן אין געטאָ, נאָך אלע אַקציעס און ארויסשיקונ־גען ביי פריינט און שכנים, האָט זיך נאָך אנטוויקלט א קליינע אינדוסטריע: מען האָט געשניטן ליילעכער און געמאַכט דערפון קאָפּטיכער פאר פויער־טעס; מאָלערס האָבן געמאָלן בלומען אויף די טיכער און האָבן געלעבט

דערפון; מען האָט פּראָדוצירט קאָנפעקטן און ארויסגעטראָגן אין שטאָט פאַרקויפן; זייף, ליכט און אנדערע אויסאַרבעטונגען האָבן געגעבן חיונה א סך משפחות. ס׳האָבן אויך ניט געפעלט קיין ספעקולאַנטן מיט גאָלד און טייערע שטיינער, וועלכע יידן האָבן נאָך פארשטאַנען צו באַהאַלטן.

28־טער מערץ, 1944. א פרימאָרגן ווי אַלע טאָג. יידן זיינען אַוועק צו דער ארבעט, אין געטאָ איז רואיק, איך גרייט זיך אוועקצוגיין אין שפּיטאָל. 8 אזייגער אין דער פרי, א שכנטע לויפט אריין צו מיר מיט צעשראָקענע אויגן און מיט א געשריי:

— דאָקטאָר, דער צוים איז געדיכט באַוואַכט פון פּאָסטנס! אויטאָמאָ־בילן זיינען אָנגעקומען צום טויער. די קינדער!

מיר האָבן ארויסגעקוקט דורכן פענצטער און גלייך דערזען א געפּאַנ־צערטן אויטאָמאָביל. ער טראָגט זיך דורך די געטאָ־גאסן און פון אים שרייט אויס די שוידערלעכע שטימע פון א רופער:

— אכטונג! אכטונג! ווער ניכט צו הויזע בלייבט, ווירד ערשאָסן!

דער רוף חזרט זיך איבער כסדר, מאָנאָטאָן, מיטן זעלבן נוסח און לאָדט אָן די לופט מיט אימת מות. נאָך קלינגט די מערדער־שטים — און אנט־קעגן קומט שוין אָן א קאָלאָנע באַוואָפנטע ס.ס.־מענער, די הינטערשטע רייען שפּאַלטן זיך אָפּ און לויפן אריין אין די שכנותדיקע הייזער. וואָס מער די קאָלאָנע דערנענטערט זיך צו אונדז, אלץ קירצער ווערט זי. אָט שטייען שוין סאָלדאַטן ביי אונדזער טיר. אַלץ דויערט סעקונדן... אָבער ווי א בליץ האָבן אריינגעשלאָגן די ווערטער:

— קינדער פאַרשטעקן!

פון אַלע צימערן האָבן זיך א שאָט געטאָן מאַמעס מיט זייערע קינדער, מיט ווילדע מאַמע־אויגן האָט מיין פרוי א ריס געטאָן דאָס קינד און מיט אלע צוזאַמען געלאָפן אַראָפּ, צום קעלער.

אַ פיר־קאַנטיק שענקל מיט פּאָליצעס האָט פאַרמאַסקירט דאָס באַ־העלטעניש. דאָס שענקל איז געעפנט און איינער נאָכן אַנדערן קריכט מען אין נאָרע. אין די געפערלעכע מינוטן האָט געהערשט א אינערע דיסציפלין, און עטלעכע און צוואַנציק מענטשן, דערוואַקסענע און קליינע קינדער זיינען אין סעקונדן פארשוווּנדן אין דער טיפער פינצטערקייט פון קעלער. איך בין אריין דער לעצטער, מיט א שפּריץ פון מעדיקאַמענטן — און צוגעמאַכט דעם שענקל.

מען האָט זיך אויסגעזעצט און אויסגעלייגט אויפן קאַלטן זאַמד, געטו־ליעט די קינדער צו זיך, און מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך אין דרויסן.

אָט הערט מען שוין זייערע שטימען און די טריט פון זייערע שטיוול. א דינער שפּאַלט אין קעלער־פענצטערל לאָזט דורך א דין בינטל שטראַלן, וואָס ווערט פון צייט צו צייט איבערגעהאַקט פון פאַרבייגייענדיקע פיס. א גערויש פון אויטאָמאָבילן, שיסערייען און איבער אלץ — געשרייען און זידלערייען פון זעלנערישע מיילער.

מיין זון זיצט נעבן מיר און דריקט זיך נעענטער אין מיינע אָרעמס. א פרויען־שטימע שניידט דורך די לופט.

— מיין קינד! — שרייט זי, זיך פאַרגייענדיק אין קלאָגן.

ביי אונדזער קעלער־פענצטערל הערט זיך א טיפער זיפצן פון אַ מאַן, אָן ווערטער. אַן אַנדער פרוי בעט זיך ביי א דייטש, ער זאָל איר לאָזן איר איינציק קינד, און איר וויינען האָט אונדז צעפרעסן פון ווייטאָג. מיר האָבן אין דער טיפער קעלער־פינצטערניש געהערט און געפילט ווי אויבן בושעוועט די חיה. די קלענערע קינדער האָבן געמוזט באקומען שלאָפ־מיטלען, ווייל זיי זיינען געוואָרן אומרואיק, און יעדער שאָרך אונטן האָט זיך געהערט אין גאַס. א 4־יאָריקער יינגעלע האָט בשום אופן ניט געוואָלט שלאָפן, אז ער פלעגט אָנהויבן וויינען פלעגט מען אים פארדוקן אונטער א קישן. א כאַמעוואַטער ייד האָט געסטראַשעט, אז ער וועט אים דער־שטיקן. די מאַמע איז צוגעלאָפן צו מיר און געבעטן מען זאָל אים נאָך אַמאָל שפּריצן. בעסער זאָל ער שטאַרבן פון מיינעם א שפּריץ איידער פון א געסטאַפּאָ־מערדער. די געפאַר איז געווען צו גרויס פאַר די איבע־ריקע 17 קינדער אין קעלער. איך האָב נאָך אַמאָל געשפּריצט און ער איז איינגעשלאָפן.

אויף דער וועראַנדע, וואָס איז איבער אונדזער קאָפּ, טרעטן שווערע שטיוול, שנעלע טריט, ווי מען וואָלט עמעצן יאָגן. א קוויטש פון א קינד „מאַמע" האָט ווי אַן עלעקטרישער טאָק אונדז צעטרייסלט. מיין זונעלע האָט זיך נעענטער צוגערוקט צו מיר און זאָגט מיר אין אויער:

— מיר זיינען פארלאָרן!

זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן גיכער קלאַפּן. איך האָב דערפילט דעם ציטער פון זיין צאַרטער קינדערשער נשמה. דער מאָמענט איז פאַר מיר געווען דער שווערסטער אין טאָג.

דאָס קינדס געשריי אויבן איז באַלד פארשטומט געוואָרן, אָבער אונטן, אין קעלער, איז די שטימע געהאַנגען אין דער לופט און דאָס האַרץ מיט צוואַנגען געקלעמט.

עס ציען זיך שעהן פון קאָשמאַר. די אויגן זיינען מיד פון דער פינצ־טערקייט. מיר ווייסן ניט ווי שפעט עס איז און ווארטן אויף א סיגנאל פון אויבן, אז די געפאַר איז פאַרביי. די געשרייען אויבן ווערן אַלץ זעלטענער און הערן זיך שוין פון דער ווייטן. מען האָט אָנגעהויבן שטיל צו שעפטשען איינער צום צווייטן און געבן די קינדער צו עסן. מיר האָבן געפילט, אז דער טאָג איז הינטער אונדז, און צוזאמען מיטן טאָג — די געפאַרן.

א שכן, וועלכער איז געבליבן אויבן, האָט אָנגעקלאַפּט, אז מיר קענען ארויס, די געפאַר איז פאַרביי. מיט גרויס מי איז מען, קריכנדיק אויף די בייכער, ארויס פון נאָרע. דאָס עלעקטרישע ליכט האָט געבלענדט די אויגן. די קלענערע קינדער האָבן זיך געטשוכעט פון קינסטלעכן שלאָף און האָבן זיך געוויגט ווי שכורע.

נאָך דעם ווי מיר זיינען דעם גאַנצן טאָג אָפּגעריסן געווען פון די גע־שעענישן אין געטאָ, האָבן מיר באקומען א טרויעריקן באַריכט פון טאָג: 1500 קינדער מיט עלטערע מענטשן זיינען אוועקגענומען געוואָרן. די קינ־דער האָט מען צוזאַמענגעוואָרפן אין אויטאָס, די מאַמעס אליין האָבן גע־דאַרפט די קינדער ברענגען צום אויטאָ. מאַמעס וואָס האָבן זיך פארהאלטן ביים אויטאָ, אָדער געוואָלט מיטפאָרן מיטן קינד, זיינען צוריקגעטריבן גע־וואָרן מיט פריקלאַדן. אָנגערייצטע בייזע הינט האָבן צעריסן די קליידער און צעביסן דעם לייב פון דער קעמפנדיקער מאַמען. א מאַמע, וואָס האָט זיך פאַרקלאַמערט אין אויטאָ און ניט געוואָלט אוועק — האָט א קויל איר האַרץ דורכגעלעכערט. דאָס קינד אין אויטאָ האָט עס געזען און געיאָמערט. אַ ראַדיאָ האָט געשפילט אין אויטאָ, מען זאָל ניט הערן די קינדערס גע־שרייען. פולע אויטאָס זיינען אַוועק און געקומען ליידיקע, כדי ווידער מיטצונעמען נייע פּאַסאַזשירן. באָבעס זיינען מיטגעפאָרן מיט אייניקלעך, און אין אויטאָ געטוליעט דאָס „אייגענע בלוט״ נעענטער צו זיך. גלייך האָט מען זיך דערוווסט, וועלכע שכנים, פריינט און באַקאַנטע עס פעלן. א חברל פון מיין זון איז ארויסגעריסן געוואָרן פון זיין מאַמעס הענט. זי האָט ניט באַוויזן אים צו פארשטעקן, בלויז סעקונדן האָט עס געדויערט...

אין שפיטאָל זיינען אָנגעקומען ספעציעלע אויטאָמאָבילן און האָבן אוועקגענומען אלע קינדער וואָס זיינען געווען אין קינדער־צימער און אלע

יתומים וואָס האָבן געלעבטביים שפּיטאָל. אייניקע קינדער איז געלונגען צו פאַרשטעקן אין די בעטן פון דערוואַקסענע פּאַציענטן, אין קעלער פון שפּיטאָל און אין די שכנותדיקע הייזער.

אונדזער וווינונג איז געווען אין שכנות מיטן שפּיטאָל. דער געשריי „מאַמע", וואָס איז דערגאַנגען צו אונדז אין קעלער, איז געווען פון א שפּיטאָל־קינד. דאָס קינד האָט זיך באַהאַלטן אויף אונדזער וועראַנדע הינטער א פענצטער־פאָרהאַנג און איז דאָרט אַנטדעקט געוואָרן פון די געסטאַפּאָ־לייט.

אלע עלטערע מענטשן, שווער־קראַנקע און אינוואַלידן זיינען אוועק צוזאַמען מיט די קינדער אויף זייער לעצטן וועג. די פאַרבאַהאַלטענע קינדער זיינען געבליבן, אָבער וואָס וואַרט אויף זיי מאָרגן? ווו פאַרשטעקט מען זיי ווייטער? צי וועלן זיי זיך קענען אין גאַס באַווייזן?

מיין זון פלעגט כסדר צוגיין צו מיר מיט נייע אידייען ווו און ווי אים צו פאַרשטעקן. ער האָט שוין פאַרגעסן דעם היינטיקן טאָג און שפּילט זיך מיט זיין דערפינדערישקייט. ער קריכט אריין אין א זאַפּקע און בעט איך זאָל עס פאַרמאַכן. ער וויל זען צי ער וועט קענען אָטעמען. ער פאַר־שטעקט זיך אין אַ שאַפע און זיצט עטלעכע מינוט, כדי זיך צו איבערצייגן, צי מען קען אין א שאַפע לעבן. מיר, דערוואַקסענע, זיינען אזוי אויסגע־שעפּט פון דעם דורכגעמאַכטן טאָג, אז עס איז ניטאָ מער קיין כוח צו טראַכטן. די נערוון האַלטן ניט אויס קיין גרעסערע שפּאַנונג, נאָך א ביסל און זיי פּלאַצן. מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן מיט א טיפן פחד פאַרן אומ־באַקאַנטן מאָרגן.

דער 29־טער מערץ 1944. שוין גאַנץ פרי איז דאָס געטאָ אויף די פיס. מען קוקט ארויס דורך אַלע פענצטער, פון צוים. כאָטש די דייטשן האָבן ווידער פאַרזיכערט אז די אַקציע איז פאַרענדיקט, האָט זיך דאָס געטאָ געצאַפּלט אין טויט־שרעק. די נאַכט האָט ניט בארויקט. אין דער לופט איז געלעגן דער המשך פון דעם גרויזאַמען נעכטן. מען האָט ניט באוויינט די נעכטיקע, מען האָט ווייניק גערעדט וועגן איינצלהייטן און גרויזאַמקייטן, — ווי נאָך יעדער אָפּגעשלאָסענער אַקציע. יעדער האָט געפילט, אַז מיר זיינען נאָך אינמיטן פון דער בלוטיקער מלחמה, די רוצחים זיינען נאָך ניט זאַט. צופיל אויסבאהאלטענע יידישע קינדער זיינען נאָך אין געטאָ ביים לעבן געבליבן, און ווער ווייס ווען זיי וועלן ווידער אָנפאַלן, ווי ווילדע

חיות, און בלוט וועט טריפן פון מאַמעס הערצער. מען האָט צוגעשפיצט אויג און אויער, כדי ניט צו פאַרזאַמען דעם מאָמענט צו פאַרבאַהאַלטן דאָס קינד. מיר זיינען געווען אַלע גרייט צו א בליץ־איבערפּאַל. די אויסרעכענונג איז געווען אַזאַ: די צאָל יידישע קינדער אין געטאָ איז דער געסטאַפּאָ באַוווּסט. זיי האָבן געוווּסט, אַז איינציקע הונדערט קינדער האָט מען פאַרשטעקט אין פאַרשידענע לעכער, און זיי האָבן באַשלאָסן אויף א צווייטן טאָג זיך פאַרנעמען מיט אויסזוכן די פאַרבאַהאַלטענע. דורך באַקומענע ידיעות פון מוסרים האָבן זיי געוואָלט ליקווידירן די אונטערערדישע עטאַזשן פון געטאָ.

די געטאָ־גאַסן זיינען פול מיט מענטשן. קיינער איז צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען. מען קוקט אַרויס אין דער ריכטונג צום געטאָ־טויער. יעדער אַריינפאָרנדיקער אויטאָמאָביל רופט אַרויס א צעררודערונג און פּאַניק. די טאַטע־מאַמעס, וואָס האָבן שוין נעכטן דאָס טייערסטע פאַרלאָרן, זיצן אין זייערע ליידיקע נעסטן מיט אויסגעטריקנטע אויגן און פּוסטע נשמות און באַנעמען נאָך ניט דאָס געשעענע. פּלוצלונג איז די מאַסע אויף די גאַסן אויפגעריסן געוואָרן ווי דורך א באָמבע־אויפרייס. מען איז זיך צעלאָפן אין די הייזער. ביים טויער האָבן זיך באַוויזן אויטאָמאָבילן, און אויפן שאָסיי וואָס פירט צום געטאָ — א פּוסגייער־קאָלאָנע: די אוקראַאינישע באַנדע.

דער קעלער איז שוין אָפן און גרייט ווידער אויפצונעמען און פאַרשטעקן אין זיין פינצטערן שויס פאַריאָגטע מאַמעס און זייערע קינדער. דאָס מאָל האָב איך באַשלאָסן בלייבן אויבן, כדי צו האַלטן די פאַרבינדונג מיט דער אויסערלעכער וועלט. דאָס גאַנצע הויז איז פּוסט געוואָרן און איינער האָט געמוזט בלייבן אויף דער אויבערפלאַך. איידער דער פאַרמאַסקירטער אַריינגאַנג צום בונקער איז צוגעשלאָסן געוואָרן, האָב איך געמוזט איינשפּריצן די קלענערע קינדער א שלאָפמיטל.

די קינדער האָב איך שוין ניט געזען, נאָר זייער אַנטבלויזטער אונטערחלק פלעגט דערשיינען אין פאָרטקע. יעדע מאַמע האָט צוגעטראָגן איר קינד צו דער אָפענער טירל און איך פלעג שפּריצן. זייער וויינען האָב איך שוין ניט געהערט, ווייל איין קינד פלעגט פאַרשווינדן און אַן אַנדערער איז געקומען אויף זיין אָרט.

לעבנסגעפערלעכע סיטואַציעס און קאָמפּליקאַציעס ביי געבורטן, לעבנס־רעטנדע אָפּעראַציעס אין קליינע געטאָ־צימערן, בויך אָפּעראַציעס

ביים אויסגעלאָשענעם ליכט, אָפּעראַציעס ביים דראָען פון א רעוואָלווער — דאָס אלץ האָב איך שוין פארגעסן און וועל נאָך פארגעסן, אָבער די עט־לעכע איינשפּריצונגען פון לומינאל אין קינדערשע פּאפּקעס דורך דער פּאַרטקע אין בונקער, וועט בלייבן מיין אומפארגעסלעכסטע מעדיצינישע איבערלעבונג.

דאָס צוויי־גאָרנדיקע הילצערנע הויז איז פּוסט. א טייל שכנים זיינען זיך צעלאָפן, א טייל זיצן אונטן. איך, איינער אליין, געפין זיך אין מיין צימער אויפן צווייטן עטאַזש, און פון מיין פענצטער קוק איך ארויס אויף דריי גאסן פון געטאָ. ניט ווייט פון אונדזער הויז שטייען צוויי לאַסט־אויטאָס, ארום זיי דרייען זיך ארום דייטשן און אוקראַאינער. די גאַסן זיינען אויסגעשטאָרבן, מען פילט דעם איינגעהאַלטענעם אָטעם פון געטאָ. פּאָרוויז צעגייען זיך די רוצחים אין פארשידענע ריכטונגען. א דייטש מיט א שטעקל אין האַנט, אן אוקראַאינער מיט א ביקס אויפן שולטער און א האַק אין האנט. עס פאַרגייט א קורצע צייט, און עס באַווייזן זיך שוין די ערשטע גרופּן. זיי קומען פון פאַרשידענע ריכטונגען אין באַגלייטונג פון באַוואָפנטע באנדיטן. די יינגערע מענטשן ווערן אָפּגעטיילט, די קינדער און עלטערע — געטריבן אין די לאַסט־אויטאָס.

א מאַמע ווערט אָפּגעריסן פון איר קינד און שטייט פון ווייטן מיט אויס־געשטרעקטע אָרעמס און ווילדע אויגן. א קליין מיידעלע דרייט זיך אום צו איר מאַמען און בעט עפּעס. עס גייט א מאַמע מיט דריי קינדער, די מאמען רייסט מען אָפּ פון זיי, זי בעט זיך ביים דייטש ער זאָל איר דער־לויבן כאָטש איין קינד לאָזן פאַר זיך. ער דערלויבט איר. זי שטייגט ארויף אויפן אויטאָ, אַלע דריי קינדער ציען זיך צו איר ווי דריי פייגעלעך אין א נעסט. זי קעמפּט מיט זיך מינוטן און גייט אַראָפּ מיט ליידיקן. זי ווייס ניט וועלכעס קינד איז איר טייערער.

א גרעסערע גרופּע האָט מען ארויסגעשלעפּט פון א שכנותדיק הויז, א 4־יאָריקער יינגעלע איז אָפּגעריסן געוואָרן פון דער גרופּע. ער האָט זיך אומגעדרייט, א קוק געטאָן אויף די צוריקגעבליבענע און א פרעג געטאָן:

— און איך?

די מאַמע האָט געענטפערט אויף דער פראַגע מיט א געשריי, וואָס האָט געדאַרפט שפּאַלטן הימלען און פאַרוויסטן אלע וועלטן. זי איז געפאַלן אין חלשות. איך קוק זיך צו דורכן פענצטער. איך הער זיך צו. עס פאַר־

קראַמפּן די מוסקולען. דאָס בלוט שפּאַרט אין די אָדערן. ס'הערט זיך א טעמפּע קלאַפּעריי. די מערדער ברעכן דאָס די ווענט מיט העק און לאָמען. מען רייסט ארויס די דילן, מען ברעכט ארויס ווענט, מען זוכט. אַמאָל געפינט מען, אמאָל גייט מען אַוועק מיט ליידיקן.

מיר דוכט זיך, ווי איך וואָלט מיט מיינע האָס־בליקן זיי אָפּגעשטויסן פון אונדזער הויז. זיי גייען פאַרביי — און גייען ניט אריין. ווי נאָענט איז די געפאַר פאַר מיין קינד. אויף א פאָדעם הענגט זיין צאַרט לעבן.

פולע לאַסט־אויטאָס זיינען אָפּגעפאָרן באַוואַכט פון באַוואָפנטע זעלנער, ניט ווי קינדער וואָלטן זיצן אין די אויטאָס, נאָר שווערע פאַרברעכער און מערדער.

עס איז רואיקער אין אונדזער ווינקל. זיי זיינען אַוועק אין א נייעם ראַיאָן. אונדזער הויז איז דערווייל געבליבן אומבאַמערקט. איך גיב א סיג־נאַל אין קעלער — זיין שטאַרק און רואיק.

איך כאַפּ זיך אַריבער איבערן גאַס און גיי אריין אין קראַנקן־הויז צו זען וואָס דאָרטן טוט זיך. אין עטלעכע מינוטן ארום פאָרט צו אַן אויטאָ צום שפּיטאָל, עס גייען אריין העכערע געסטאַפּאָ־אָפיצערן מיט זייערע משרתים. איינער זוכט אויף דעם שעף פון שפּיטאָל און מעלדעט אים: ער האָט געהערט, אין שפּיטאָל פאַרשטעקן זיך קינדער, וואָרנט ער: אויב מיר גיבן ניט ארויס די קינדער אין משך פון אַ האַלבער שעה, פאָרט מיט מיט די קינדער דאָס גאַנצע פערסאָנאַל פון שפּיטאָל. עס האָט זיך אָנגע־הויבן א שטאַרקע פּאַניק צווישן פערסאָנאַל. אין שפּיטאָל זיינען פאַרבאַ־האַלטן קינדער, טאָמער זוכן זיי, וועלן זיי געפינען.

איך בין אריין מיט א חבר אין אָפּעראַציע־צימער, מיר האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט אויפן אָפּעראַציע־טיש און זיך געזעגנט איינער מיטן צווייטן און מיט דער שיינער וועלט. מיר האָבן זיך דערמאָנט אָן די גליקלעכסטע מאָמענטן אין לעבן, מיר האָבן גערעדט וועגן אַבסטראַקטע טעמעס און דורך דעם פאַרשטיקט דעם אינערלעכן ציטער. פאַר אונדז איז געווען קלאָר: מיר טיילן דעם גורל פון די קינדער. מיר זיינען ניט בעסער פון זיי. וואָס פאַר אַ זין וועט האָבן אונדזער לעבן געקויפט פאַרן לעבן פון אַן אומשולדיק קינד. א טייל פון פערסאָנאַל איז געווען רואיק, א טייל איז אריינגעפאַלן אין היסטעריע און געשריען: „מיר ווילן לעבן!"

א טייל פון די פאַרבאַהאַלטענע קינדער מיט זייערע מאַמעס האָבן זיך אליין ארויסגעגעבן און ארויס פון די באַהעלטענישן, אויפגעהערט צו קעמפן

מיטן טויט. אייניקע האָבן זיך פֿאַרבאַהאַלטן אין צימער פון די אָנשטעקנ־דיקע קינדער־קראנקהייטן, — דעם צימער האָבן די דייטשן אויסגעמיטן צו באַזוכן. פאַר די קינדער איז שנעל צוגעגרייט געוואָרן קראַנקן־געשיכטעס פון פריערדיקע טערמינען מיט טעמפעראַטור־בויגנס. די האָפענונג, אז די קינדער וועלן בלייבן לעבן, האָט זיך באַרעכטיקט. א דייטשער סאַניטאַר פון ס.ס., וועלכער איז געווען דער אויפזעער איבערן שפיטאָל און פלעגט כסדר קריגן מתנות און שוחד, האָט אונדז ארויסגעהאָלפן פון דער שווערער לאַגע. אז דער געסטאַפּאָ־אָפיצער איז געקומען צוריק, איז ער ארויס און האָט געמאָלדן: ער האָט אליין דורכגעזוכט די גאַנצע געביידע — עס איז קיינער ניטאָ. זיי האָבן זיך באגנוגנט מיטן צונעמען פון שפיטאָל צוויי אלטע קראנקע דאָקטוירים מיט זייערע פרויען און זיינען אוועק.

נאָך אמאָל ארויסגעשפרונגען פון קבר. ס׳איז ניט שווער צו דערווארטן דעם טויט ווען מען שפּאָט פון אים. שווער איז נאָר געווען דער געדאנק וועגן מיין פרוי און קינד, וואָס ליגן דאָרטן אין קעלער.

אז אין שפיטאָל האָט זיך באַרואיקט און דער פּאָסטן איז פון טיר אַוועק, האָב איך ווידער זיך צוריקגעקערט צו מיין פענצטער. איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט, דער געדאַנק, אז איך געפין זיך דאָ אויבן און אונטן זיצן נאָך מיינע נאָענטסטע האָט מיר ווידער געגעבן מוט. מיין אויסקוק־פונקט האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט צו זען א גרויסן טייל פון געטאָ און נאָך שאַרפער דורכווייטאָגן דעם גרוליקן טאָג.

ווי פון אונטער דער ערד זיינען ווידער ארויסגעשווומען פאָרן פון דייטשן און אוקראַינער. זיי באוועגן זיך ווידער אין שכנותדיקע הויפן. דער דייטש, דער בעסערער מענטש, די דערהויבענע ראַסע, שפאַנט פאָרויס, היג־טער אים גייט נאָך אַן אוקראַינער, ער רעדט ניט מיט דעם נידעריקן מענטשן, ווארפט אים צו, ווי פאר א הונט, פון צייט צו צייט א סיגארעט, א „בוטער־בראָט", דער אוקראַינער קוקט דעם האַר אין די אויגן, גרייט אויספילן יעדן באַפעל. עס קנאַלט אין גאַס. דאָס האָט א ייד ארויסגערוקט די נאָז דורכן טיר, און א ס.ס.־מאַן האָט געצילט, געטראָפן און רואיק פארויכערט א סיגארעט.

איך זע פון דערווייטנס אַן ארומגערינגלט הויז — שוין א היפשע צייט ווי מען זוכט דאָרט און מ׳קען גאָרניט געפינען. זיי האָבן שוין באַקומען אדרעסן פון יידישע אויסוורפן, וועלכע האָבן דערפאַר באַקומען דאָס לעבן געשענקט. סוף כל סוף האָבן זיי ארויסגעשלעפּט א גרויסע גרו־

פע פון א פאַרשטעקטן קעלער און זיי אכזריותדיק געשלאָגן. זעט זיך אָן, אז ס׳האָט זיי פארדראָסן, וואָס זיי האָבן אזוי לאנג געדארפט זוכן. עלטערע מענטשן מיט קינדער אָפגעטיילט פון דער גרופּע און מיט זיי אוועק.

אָט דערנענטערט זיך א מערדער־פּאָר צו אונדזער הויז: א ס.ס.־מאַן מיט גלאַנציקע שטיוול און מיט ברילן און אַן אוקראַינער מיט אַן ארויסגע־קראָכענער שעוועליורע פון היטל, מיט מערדער־אויגן און מיט א האַק אין האַנט. זיי זיינען שוין ביי אונדז אין הויף. עס פאַרקראַמפּט מיר דער גאַנצער קערפּער. איך קלאמער זיך אָן פענצטער־ראַם און באמי זיך צו זיין רואיק. דאָס גאנצע הויז טרייסלט זיך פון די קלעפּ. עס דונערט און קראכט אונטן. דאָס ברעכט א האַק וועגט און דילן... א פראָסט גייט דורך איבערן שיידל. איך גלעט די שטייענדיקע האָר פון קאָפּ און בייס מיינע פינגער. אויף א מאָמענט הערן אויף די קלעפּ, די אויגן שמאַרצן פון ארויסקוקן אין גאַס. וואָס זאָל איך טאָן? אָט דערשיינען זיי באלד אויף דער גאַס, מיין פרוי, מיין קינד! זאָל איך לויפן צו זיי, אָדער דאָ אויף אַן אָרט אויפעסן מיינע צוגע־גרייטע סם־טאַבלעטן. ווייטער דונערט דאָרט אונטן. הייסט דאָס — ניט געפונען? עס שמאַרצן די באַק־מוסקולען פון קראַמפּהאַפטן ציינער־דרוק. איך פיל, אז לענגער קען איך זיך ניט האַלטן. מיט יעדן קראַך אונטן קראַכט אין מיר.

סעקונדן ציען זיך ווי יאָרן. דאָס קלאַפּן און ברעכן אונטן האָט אויפ־געהערט, אוןביידע רוצחים גייען ארויס פון הויף רואיק, געלאַסן, ווי עס וואָלט גאָרניט געשען. ניט געפונען — איז ניט.

מיר האָט געפעלט אָטעם. א סצענע אויפן גאַס האָט מיך דערלייזט פון מיין אומגעהויערער נשמה־שפּאַנונג. צוויי קליינע ברידערלעך גייען צום אויטאָ, הינטער זיי — א באוואָפנטער סאָלדאט. דער קלענערער ברודערל פאַרטשעפּעט זיך און פאַלט. דער עלטערער העלפט אים זיך אויפהויבן, און זיי גייען ווייטער.

דער פאַרהעלטניסמעסיק קליינער און אומבאַדייטנדער עפּיזאָד האָט אין מיר אויפגעריסן א שטורעם. איך האָב אויסגעבראָכן אין א ספּאַזמאַטישן געוויין. איך האָב געוויינט און געציטערט ווי אין א קדחת. איך בין ארומ־געלאָפן דורך אלע ליידיקע צימערן, זיך געשליידערט פון איין בעט אין א צווייטער און לאַנג זיך ניט באַרואיקט.

עס איז מיר לייכטער געוואָרן. דאָס ספּאזמאַטישע וויינען האָט ווי אויסגעלאָדן די עלעקטרישע שפּאַנונג פאַרן גאַנצן טאָג.

דער יינגערער ברודערל איז געפאַלן, דער עלטערער האָט אים אויפ־געהויבן, ווי נאַטירלעך און אומבאַדייטנד אין נאָרמאַלע באַדינגונגען, און ווי דערשיטערנדיק טראַגיש אין יענעם טאָג אויף יענעם געטאָ־פּאָן.

באַלד, ווי איך האָב זיך באַרואיקט, בין איך אראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ זען, וואָס האָבן דאָ די מערדער אָפּגעטאָן. דער גאַנצער קעלער איז גע־ווען צעשטערט, די טירן צעבראָכן און די ווענט דורכגעהאַקט, ביז א דין ברעטער־ווענטל, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם בונקער מיט די באַהאַלטענע. דער גליק איז געווען וואָס די קליינע קינדער זיינען נאָך די איינשפּריצונגען געשלאָפן און ניט געהערט די קלעפּ פון דער האַק. די דערוואַקסענע און עלטערע קינדער האָבן מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם געזען דעם טויט פאַר די אויגן און דורכגעהאַלטן דעם נסיון. איין שאָרך אָדער פּיפּס פון א קינד — און זיי וואָלטן געווען אַנטדעקט אין מינוטן.

יענעם טאָג האָט מען אויסגעפונען דעם גרעסטן טייל פון די בונקערס. ביז 300 נפשות זיינען אוועק אהין, באַרג־ארויף, צום פאָרט, וואָס איז נאָך אלץ ניט זאַט מיט יידיש בלוט. ביז שפּעט אין אָוונט האָט נאָך געבושע־וועט די בעסטיע און האָט געבראָכן און געשטאָכן, געריסן קעלערס מיט העק און גראַנאַטן און זיך אָנגעזעטיקט מיט טויט און פאַרניכטונג.

ערשט צומאָרגנס, ווען מען האָט דערפילט, אז די דירעקטע געפאַר איז פאַרביי, האָבן מאַמעס זיך די האָר געריסן, די קאָפּ אָן וואַנט געשלאָגן, גע־יאָמערט און געקלאָגט. מען האָט נאָר גאָט געבעטן, מען זאָל דאָרט וואָס ווייני־קער די קינדער מאַטערן. עלטערן האָבן נאָר געוואָלט וויסן, אז זייערע קינ־דער האָבן שוין אויפגעהערט צו ליידן, און אז זיי ליגן שוין רואיק אין דעם ערדישן שויס. עס איז שווער געווען צו קוקן די מאַמעס אין די אויגן. יעדער האָט פּחד געהאַט צו פרעגן. מען האָט מיטגעוויינט און געשוויגן.

אין די שכנותדיקע לאַגערן איז פאָרגעקומען דער קינדער־רויב אויף א שנעלערן אָבער ניט ווייניקער גרויזאמערן וועג. דאָרטן זיינען אלע געווען אין איין גרויסער געביידע און די צאָל קינדער איז געווען גענוי רע־גיסטרירט. עס זיינען אָנגעקומען אויטאָמאָבילן, ווען די מענער און פרויען זיינען געווען ביי דער אַרבעט, זיי האָבן אָנגעלאָדן די קינדער און אוועק. געבליבענע מאַמעס האָבן געקעמפט מיט די רויבער און זיינען געפאַלן פון קוילן צופוסנס פון די אָפּפאָרנדיקע אויטאָמאָבילן.

אין איינעם פון די פּראָווינציעלע לאַגערן האָט מען ארויסגעפירט די

קינדערלעך נאַקעט און באָרוועס אויף א פריש־ארויסגעפּאַלענעם שניי. ווען קינדערלעך האָבן אינסטינקטיוו זיך געוואָלט ארויסרייסן פון די מער־דער און זיך פאַנאַנדערלויפן, האָבן זיי ניט באשמוצט, חלילה, זייערע זויבע־רע אַרישע הערן־הענט מיט יידישע קינדער, — נאָר מיט לאַנגע שטעקנס, מיט אויסגעבויגענע הענטלעך, פלעגן זיי אָנכאַפּן דאָס קינד פאַרן האַלדז און שלעפּן צום אויטאָ. דאָרטן האָבן זיך קינדער ניט אויסבאַהאַלטן — אַלע זיינען אַוועק!

טעג זיינען פאַרביי און דער געטאָ איז געווען איינגעהילט אין א שוואַר־צער כמאַרע. מען האָט וויייניק געוויינט. צו שטאַרק זיינען געווען די קלעפּ און צו שוידערהאַפט, אז מען זאָל קענען אויף דאָס געשעענע נאָרמאַל אָפּרעאגירן מיט טרערן. א סך פון די קינדער, וואָס איך האָב געהאָלפן קומען אויף דער וועלט, זיינען אוועק מיטן שטורעם. מאַמעס פלעגן מיך טרעפן און מיט טיפן שמערץ דערמאָנענדיק די געבורט, דערציילן וועגן קינד, ווי שיין, געראָטן און קלוג דאָס איז געווען. „אומזיסט, דאָק־טאָר, האָט איר געהאָרעוועט, אומזיסט דעם לעבן געלייגט פאר מיר, אלץ אוועק מיטן ווינט. און ווי שרעקלעך דאָס איז, אז מען דארף ווייטער לעבן און פרעגן: אויף וואָס האָפט מען נאָך? און צו וואָס מאַטערט מען זיך נאָך?״ פאר די קינדער, וואָס זיינען ארויס מיט ניסים פון דעם 2 טאָגיקן שטורעם, איז דאָס לעבן אין געטאָ געוואָרן אוממעגלעך. אָפיציעל זיינען שוין קיין קינדער אין געטאָ ניט געווען. מען באקומט שוין פאר זיי קיין עס־פּראָדוקטן ניט, זיי עקסיסטירן שוין ניט, זיי זיינען רעדוצירט פון דער איינוווינער־צאָל. און אויב עס זיינען נאָך געבליבן א פּאָר צענדליק קינדער אין געטאָ, מוזן זיי אויף דעם אָדער יענעם וועג פארשווינדן. ווי אזוי? ווו טוט מען זיי אַהין?

אַלע עלטערן, וואָס האָבן ביז איצט ניט געוואָלט זיך שיידן פון די קינ־דער, לויפן ארום ווי פאַרסמטע און זוכן מעגלעכקייטן ווי דאָס קינד ארויס־צוברענגען אויף יענער זייט צוים.

מיין קינד זיצט פאַרשפּאַרט אין צימער, קוקט כסדר דורכן פענצטער, טאָמער גייט א דייטש. ווען ער זעט אַן אוניפאָרמירטן, הויבט ער זיך אָן וואַרפן אין אַלע זייטן און זוכט א באַהעלטעניש. איך קען ניט קוקן אין זיינע הימלישע אויגן. איך האָב שוין באשלאָסן אים אָפרייסן פון זיך און אוועק־

געבן אין פּרעמדע הענט. אומעטום זיינען די געפּארן קלענערע ווי דאָ. זיין עקשנות איז אויך געבראָכן. ער ווייס שוין גיין ווו איך וועל אים פירן. ער בעט נאָר, מיר זאָלן אויך ארויסגיין מיט אים. ער וויל ניט בלייבן לעבן אליין אָן טאַטע־מאַמען.

איך האָב געפונען א מעגלעכקייט ארויסצוגיין אין שטאָט באַזוכן באַ־קאַנטע קריסטן, אָבער יעדער האָט זיך אָפּגעזאָגט מיטן תירוץ, אז א מיידל וואָלטן זיי באַהאַלטן, אָבער א יינגל האָבן זיי מורא.

שווערע וואָכן פון זוכעניש, די צייט שטייט ניט, עס דערנעענטערן זיך נייע געפאַרן פון עוואַקואציע, און דאָס קינד איז נאָך אין געטאָ. א געוועזע־נע ניאַנע פון מיין קינד האָט זיך דערוווּסט וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין געטאָ — זי האָט באַשלאָסן צונעמען דאָס קינד צו זיך און אָפּפאָרן מיט אים אין א דאָרף. ארויסצוברענגען דאָס קינד פון געטאָ איז געוואָרן שווערער מיט יעדן טאָג. דער צוים איז שטרענגער באַוואַכט. דער קאָנטראָל ביים טויער איז אויך שווערער געוואָרן. קינדער ביז דריי יאָר טראָגט מען ארויס אין רוקזעק, אָבער אַן אַכט יאָריקן קינד — ווי ברענגט מען אים ארויס? זיין ניאַניע פלעגט יעדן טאָג אויף א באַשטימטן אָרט אָפּוואַרטן די אָנקומענדיקע יידישע בּריגאַדעס. און יעדן טאָג פלעגט זי אוועקגיין מיט ליידיקן.

פינף מאָל האָבן מיר דאָס קינד אויפגעוועקט פרי פאַרטאָג, אָנגעטאָן אים אין אַרבעטס־אָנצוג, זיך געזעגנט מיט אים, טרערן פאַרגאָסן, און צוריק־געקומען ניט קענענדיק אים ארויספירן. די פּאָסטנס, וועלכע האָבן באַ־מערקט, ווי איך מיט מיין זון שטעלן זיך אריין אין ריי, פלעגן אונדז ארויסטרייבן פון די רייען און ניט לאָזן ארויסגיין פון געטאָ. ס'איז שווער געווען צו זען די ליידן פון קינד און די ליידן פון דער מוטער, וועלכע פלעגט יעדן טאָג מיטגיין מיט אונדז ווי צו א לויה.

איין פרימאָרגן איז מיר געלונגען זיך אריינשטופּן מיט אים אין ריי, און אָט שטייען מיר שוין ביידע צווישן די ארבעטער־יידן, אפשר וועט אונדז געלינגען אומבאַמערקט ארויסגיין אויף יענער זייט צוים. דאָס קינד האָט אינסטינקטיוו כסדר געוואָלט מיך כאַפּן פאַר דער האַנט. איך האָב גע־האַלטן אין איין דערמאָנען אים, ער זאָל גיין מוטיק אליין, — איך בין נעבן אים. די אויגן האָט ער געגראָבן אין דער ערד, ער האָט מורא געהאַט אויפ־צוהויבן זיינע בליקן, די פּאָסטנס זאָלן ניט דערזען זיין צאַרט קינדיש פּנים.

איך האָב געפילט ווי זיין האַרץ קלאַפּט און אים פון צייט־צו־צייט געקרעפּ־טיקט מיט אויפמונטערנדיקע ווערטער.

די מאַמע איז געבליבן אין געטאָ מיט א צעבראָכן האַרץ וואַרטן אויף א גרוס פון יענער זייט.

מיר זיינען אויף א שיפל אדורכגעפאָרן דעם טייך. אויפן שיפל נאָך, האָב איך אראָפּגענומען פון אים די געלע מגן־דודס, און אויף יענער זייט טייך האָט שוין געוואַרט זיין ניאַניע. אויפן גאַס האָבן זיך געדרייט פויערים און געוואָרפן פרעמדע בליקן אויפן קינד. פון יעדן בליק האָט אים געטרייסלט. ער האָט זיך פארלאָרן אין דער פרעמדער וועלט. איך האָב ניט געטאָרט מיט אים זיך קושן. בלויז מיט עטלעכע באַגלייט־ווערטער האָב איך זיך מיט אים געזעגנט. איך האָב אים געבעטן ניט צו פארגעסן, אז ער איז א ייד, און אויב ער וועט אונדז ניט טרעפן, זאָל ער פאר אונדז נקמה נעמען.

איך האָב געטאָן א פעלער. איך האָב מיט די ווערטער צערודערט זיין קינדיש האַרץ, און גרויסע טרערן זיינען אַראָפּגעפאַלן אויף זיינע ראָזע צאַרטע באַקן.

די טרערן האָבן מיר פאַרפאָלגט צוויי יאָר נאָכאַנאַנד אויף מיין גאַנצן וואַנדער־וועג דורך אייראָפּע. זיי האָבן מיר רוען ניט געלאָזט אויף די האַרטע נאַרעס פון קאָנצענטראַציע־לאַגער, זיי האָבן אוועקגערויבט מיין רו און האָבן צעשטערט מיין שלאָף. ווען דער הונגער האָט געפּלאָגט און איך האָב ניט געקאָנט איינשלאָפן פון די לייז און פון שוואַכקייט, פלעגט זיין געשטאַלט דערשיינען פאַר מיר אין דעם מאָמענט, ווען ער גייט פון מיר אַוועק לאַנגזאַם, זיך וואַקלענדיק פון איין פוס אויף דער צווייטער. זיינע פולע אויגן פון יענעם לעצטן פרימאָרגן, ווען איך האָב זיך מיט אים צע־שיידט, — זיינען איינגעשניטן געוואָרן אין מיין זכרון, ווי שאַרפע מעסערס.

צוריקגעקומען, האָב איך מיין פרוי געטראָפן אויפן בית־עולם, ביי די קברים פון אירע נאָענטע. אירע אויגן אָנגעשוואָלן פון וויינען. איר איז לייכטער געווען צו טראָגן איר וויטאָג — צווישן די שטומע קברים. ביידע האָבן מיר געפילט, ווי שווערע שטיינער וואָלטן זיך אראָפּגעקייקלט פון האַרצן. וואָס מיט אונדז וועט שוין פאַסירן — אַבי ער איז אויף יענער זייט פון שטעכיקן דראָט.

# פרילינג, 1944

ווידער פרילינג אויף דער וועלט. פרילינג, 1944. די ווילִיע, וועלכע שווענקט מיט אירע וואַסערן איין ברעג פון געטאָ, איז ארויס פון איר בעט און זיך אריינגעריסן אין די געטאָ־גאַסן צו דערמאָנען אונדז פון אַן אומגעצוימטער פרייער וועלט. מילדע פרילינג־ווינטן בלאָזן אריין דורכן שטעכיקן דראָט און רייצן צום לעבן און האָפן. דער דייטש־רוסישער פראָנט רוקט זיך מיט ריזן־שריט נעענטער צו אונדז, און צוזאַמען מיטן פראָנט — די אנטשיידנדע שעהן. איינצלנע יידן האָבן זיך באַזאָרגט מיט באהעלטענישן ביי קריסטן, זיינען ארויס פון געטאָ און ליגן פאַרשטעקט ערגעץ אין א קעלער ביי א פויער. פון צייט־צו־צייט מעלדן זיך ביי מיר קראַנקע, וואָס זיינען געווען ארויס און איצט צוריקגעקומען פון שטאָטישע בונקערס, כדי צו באַזוכן א דאָקטאָר אין געטאָ און ווידער גיין אין זייערע באַהעלטענישן. מענטשן זיצן אָפּ מאָנאַטן אין חשכות, אין נויט און אין שטענדיקן פחד. פויערים שכנים מסרן זיי, און צענדליקער יידן פאַלן אריין אין געסטאַפּאָ.

צוזאַמען מיט די שטייגנדיקע האָפענונגען און אילוזיעס וועגן סוף פון קריג און דער באַלדיקער באַפרייאונג שטייגן די צאָל קראַנקע. אויב פריער זיינען קראַנקע געקומען בלויז אין נויט־פאַלן, קומען זיי איצט און באקלאָגן זיך איבער קלייניקייטן. עס ווילט זיך געזונט זיין. מען וויל באגעגענען די פרייהייט מיט געזונטע גלידער. פרויען אָפּערירן זיך מער ווי פריער. זיי ווילן פטור ווערן פון פארשידענע חולאתן און געשוואולסטן, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן פאַר די לעצטע יאָרן, ווען עס איז קיין צייט און קיין קאָפּ ניט געווען מיט דעם זיך צו פאַרנעמען.

מער און מער פרויען ווילן שוין ניט איבעררייסן די שוואַנגערשאפט. ביז די געבורט וועט קומען, האָבן זיי געטראַכט, וועט זיך די מלחמה ענדיקן, — און זיי וועלן זיין פריי.

די געשטייגערטע אַרבעט און די ערנסטע אָפּעראַציעס האָבן פאַרשלונגען מיין טאָג. איך בין געווען צווישן דעם קליינעם טייל גליקלעכע,

וואָס האָבן זיך אויסגעלעבט אין שעפּערישער אַרבעט ביי א פּאַך. די נערוון־שפּאַנונג בעת דער אָפּעראַציע און די זאָרגן וועגן דער קראַנקער נאָכדעם, האָבן אויפגעהאַלטן מיין מונטערקייט און לעבנס־טאנוס. כ׳האָב קיין צייט ניט געהאַט פּאַר אַלערליי קלאַנגען און מרה־שחורה שטימונגען. כאָטש אליין האָב איך אויך ניט געגלויבט, אז איך וועל אמאָל פריי ווערן פון דער טורמע, האָב איך אָבער ניט געקאָנט פאַרשטיין די אלע, וואָס האָבן זיך אזוי פאַרצווייפלט געקלאַמערט אָן דאָס שטיקל נאַקעט לעבן. אָפט האָבן מענטשן פאַרלאָרן זייער לעבן זיך יאָגנדיק נאָך אים. קיינער האָט ניט געוווסט וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, און, דעריבער, נעמען דעם גורל אין די הענט איז אָפט געווען פונקט אזוי נאַריש ווי אויסקלייבן דעם אָדער יענעם נומער אין א לאָטעריי־שפּיל. האָסט קיינמאָל ניט געוווסט ווו די געפאַר וואַרט אויף דיר. ביסט געלאָפן פון מלאך־המות, און ער האָט דיר גראָדע אָפּגעוואַרט אויף יענעם וועג. דער עיקר אין יענעם לעבן און אין יענע באַדינגונגען איז געווען ניט אריינצופאַלן אין קיין פינצטערע מרה־שחורה, ניט ווערן אָפּהענטיק און אַפּאַטיש. להיפך, אָפּהיטן דעם מונטערן בליק און גוטע שטימונג ביי יעדער סיטואַציע — איז אָפטמאָל געווען א רעטונג. אויפהיטן דעם הומאָר איז מעגלעך נאָר דאַן, ווען מען לערנט זיך אויס צו קוקן דעם טויט גלייך אין פּנים אריין, אים איגנאָרירן און מאַכן פון אים חוזק.

עס זיינען געווען אזעלכע יידן, וואָס האָבן פאַר שעהן פון לעבן באַצאָלט מיט זייער כבוד, געוויסן און אפילו מיט די לעבנס פון זייערע ברידער. די גיריקייט צום לעבן האָט זיי געפירט אויפן וועג פון מסירות און חניפות. זיי האָבן פארגעסן ווו זיי זיינען אויף דער וועלט און געמיינט, אז מיט אלע גזירות און מאַסן־מאָרדן מיינט מען ניט זיי — די „חשובע יידן״. מען האָט געזוכט כבוד ווו מען האָט נאָר געקאָנט און כסדר אונטערשטראָכן, אז מען איז שטאַרקער און חשובער פון אַן אַנדערן, והראיה, דער דייטש רעדט מיט זיי און לאָזט זיך פון זיי באַווירקן. אָט די שטאַרקערע יידן, וואָס האָבן געהייסן אויף אונדזער געטאָ־לשון, די „יעלות״, האָבן סוף כל סוף געטיילט אַלעמענס גורל. אז זיי פלעגן אריינפאלן אין אומחן — איז דער חשבון מיט זיי געווען נאָך א קירצערער.

די אינוואַזיע אויפן פראַנצויזישן ברעג האָט דעם געטאָ אריינגעשליידערט אין אַן איבערטריבענעם עקסטאַז. מען האָט שוין געהאַלטן משיחן

פאַרן באָרד. עס האָט אויסגעזען, אַז לאַנג וועט דער דייטש שוין ניט אויסהאַלטן. דער געטאָ־פּאָליטיקער איז ארומגעגאנגען מיט א פאררייסע־נעם קאָפּ און איינגעהאַלטענעם שמייכל, ווי ער וואָלט געזאָגט — „נו, ווער איז געווען גערעכט?" אונדזערע מלחמה־סטראַטעגן האָבן שוין געזען ווי דער דייטש ליגט אין א פּרעס, צווישן האמער און קאָוואַדלע; און עס איז קלאָר, אַז אָט־אָט הויכט ער אויס זיין לעצטן אָטעם און מיר זיינען ווידער פרייע מענטשן. מען האָט שוין פארגעסן דעם טעם פון פרייהייט, און דער געדאַנק אליין, אַז אפשר קומט זי דאָך — האָט ממש ווי געטאָן.

די רוסן זיינען שוין ניט ווייט פון אונדזערע גרענעצן, מיטן האַנט צו דערלאַנגען, אָבער אונדז וויל מען ניט לאָזן דאָ, אויפן אָרט. די דייטשן וועלן לויפן, אָבער אונדז וועלן זיי מיטנעמען מיט זיך. צו פרי פרייען זיך יידן, פאַר אונדז איז דער קריג נאָך ניט געענדיקט. מיר וועלן נאָך אויס־טרינקען דעם בעכער ביזן גרונט.

אין שטאָט קומען אָן ידיעות וועגן עוואַקואַציע. די דייטשן לויפן אויף אַלע וועגן מיטן זעלבן טעמפּאָ צוריק, ווי מען איז מיט דריי יאָר פריער געלאָפן פאָרויס, נאָר מיט וויייניקער שוווּנג און מיט וויייניקער גלאַנץ. פון ווייטן, אויף די שאָסייען, זעען זיך שוין פאַרמאַטערטע אָבאָזן, וועלכע שלעפּן זיך שוין הונדערטער קילאָמעטער, מען רעדט פון א דעמאָראַליזאַ־ציע אין דער ארמיי און פון דעזערטירן. איינצלנע דייטשן, וואָס שטייען מיט יידן אין קאָנטאַקט, מאַכן שוין קיין סוד ניט פון זייערע מפּלות, זיינען מער ביידעוודיק און פרעגן אָפּט, וואָס מיר וועלן טאָן מיט זיי ווען מיר וועלן זיך באפרייען. אנדערע גיסן אויס זייער פארביטערונג און גאַל אויף יידן און דראָען מיט א לעצטן קלאַפּ אין טיר.

דער באַפעל אונדז צו עוואַקואירן איז שוין דאָ. מען דערציילט פון סודותדיקע געשפּרעכן צווישן קאָמענדאַנט און דעם „עלטסטן יודע", עס לויפן טעג פון דערוואַרטונג און גרויסער שפּאַנונג. יעדער פאַרגאַנגענער טאָג — א גרויסער געווינס. אפשר וועלן זיי לויפן אַזוי שנעל, אַז זיי וועלן אָן אונדז פאַרגעסן. מען טרייסט זיך מיט דעם, אַז עס וועלן אויספעלן וואַ־גאָנעס פאַר אונדזערע טראַנספּאָרטן. די געשפּרעכן מיטן קאָמענדאַנט באַ־רויקן. ער וויל פאַרציען אונדזער עוואַקואַציע, כדי, אַלס באַלוינונג פאַר אונדזער לעבן, זיין לעבן צו ראַטעווען... מענטשן־מאַסן ליגן אויף די גאַסן. מען זוכט מעגלעכקייטן זיך ארויסצורייסן פון פאַסטקע. יחידים קויפן

אונטער פאַסטנס און לויפן דורכן צוים. מען פלאַנעוועט אונטערצוציגדן אַ גאַס, כדי אין פאַניק דורכצורייסן דעם שטעכיקן דראָט. די פאַסטן־קייט ווערט פארשטאַרקט. די פעטליע ארום האַלדז ווערט ענגער.

א שיסעריי ביינאַכט. ביים שפיטאָל־אַריינגאַנג ליגן 12 מתים, נאָר וואָס געשאָסן ביים צוים בעת א פּרווו צו אנטלויפן. דער געטאָ־ייד שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואַנט. ער וויל זיך ראַטעווען און קען ניט. ארבעטער־בריגאַדעס ארבעטן ווייטער, ווי עס וואָלט גאָרניט געשען. מען ברענגט מיט פראַנט־ידיעות — יעדן טאָג א נייע שטאָט אין די רוסישע הענט. דער פראָנט ליגט שוין ביי די ליטווישע גרענעצן. יעדן טאָג לופט־אַלאַרמען און לופט־אָנגריפן. אין איילעניש האָבן יידן אָנגעהויבן גראָבן נייע בונקערס, כדי אין לעצטן מאָמענט צו פארקריכן ערגעץ אין א לאָך אויף עטלעכע טעג, ביז דער שטורעם וועט פאַרביי. אונדזער שפיטאָל־פּערסאָנאַל איז אראָפּ אין קעלער און מ׳האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. צענדליקער קוב״מ ערד האָט מען אויסגעגראָבן, מען איז געשטאַנען נאַקעט און געהאָרעוועט ביז שפּעט אין דער נאַכט. נאָך א פּאָר שווערע אַרבעטס־טעג האָט מען זיך ארומגעזען, אז דאָס אָרט טויג ניט, צו אויפפאַלנד, לייכט צו געפינען, און דער עיקר — דער שפּיטאָל וועט אודאי אַוועקגיין אין פלאַמען, און דאַן וועלן מיר אונטן דערשטיקט ווערן ווי מייז.

איין טייל פון דער געטאָ־באפעלקערונג האָט באשלאָסן גיין ווו מען וועט טרייבן. ניטאָ קיין כוח צו קעמפן מער. א צווייטער טייל איז ווידער פאַרקראָכן אונטער דער ערד, אָדער געזוכט א רעטונג דורכן צוים. דער ערשטער טראַנספּאָרט „פרייוויליקע״ איז שוין אַוועק צום וואָקזאַל און אָפּגעפאָרן — ווער ווייס וווהין. דייטשן זאָגן — קיין דייטשלאַנד אויף ארבעט.

איך און מיין פרוי האָבן באשלאָסן ווייטער צו קעמפן מיטן גורל און זיינען פאַרקראָכן אונטער דער ערד. אין א גוט־פאַרמאַסקירטן בונקער זיינען מיר, 40 מענטשן, געלעגן אין דער פולער האָפענונג דאָ, אין בונקער, די פרייהייט צו דערוואַרטן. אונדזער באַהעלטעניש איז געווען גוט פאַרזאָרגט מיט עלעקטרישן ליכט און וואַסער, שפּייז־פּראָדוקטן און מעדיקאַמענטן אויף א לענגערער צייט. יעדער האָט זיך אוועקגעלייגט אויף זיין אָנגעוויזענעם אָרט, מיט א רואיקן געמיט און טיפן גלויבן, אז אים וועט מען ניט געפינען און אין א פּאָר טעג ארום וועט ער זען די זון.

שוין דעם ערשטן טאָג איז קלאָר געוואָרן, אז איין וויכטיקער געגנשטאַנד פעלט דאָ אין קעלער — וויכטיקער פון עסן און וואַסער — לופט.

עס איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן הייסער און שטיקנדיקער. מענער באַשליסן אויסהאַקן א לאָך אין וואַנט, ווייל אנדערש וועט זיין אוממעגלעך דאָ ווייטער צו בלייבן. געהאַקט האָט מען אין די נעכט, אין א וואַנט וואָס איז געלעגן ווייטער פון גאַס, כדי קיינער זאָל די קלעפּ ניט הערן. ביז מען האָט דורכגעהאַקט א לאָך אין דער דיקער וואַנט, איז שווייס גערונען אין טייכן. פרויען און מענער זיינען געקראָכן צום לאָך מיט אויסגעשטרעקטע צינגער, כדי אריינצואָטעמען די קילע לופט. ווי דורשטיקע ביי א קוואַל — אזוי האָט מען געזופט דורכן לאָך דעם דינעם לופט־שטראָם. גאָר גיך האָבן מיר זיך איבערצייגט, אז די עפענונג איז צו קליין, און דער לופט־דורשט אין בונקער איז ניט קלענער געוואָרן.

מענער און פרויען מיט אויסגעטריקנטע מיילער און שווערן אָטעם וואַרפן אראָפּ פון זיך די קליידער און ליגן נאַקעט. אן אָנגעצונדענע שוועבעלע ברענט ניט צוליב מאַנגל אין זויערשטאָף. ס׳איז געוואָרן אומ־מעגלעך צו בלייבן אונטן. אין די אָוונטן האָט מען פאָרזיכטיק געעפנט דעם פאַרמאַסקירטן דעק פון קעלער און זיך ארויסגעגנבעט, גרופּעסווייז, אויפן הויף כדי אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. ביז עס האָט געגרויט דער פרימאָרגן האָבן מיר זיך געפילט פרייער און הנאה געהאט פון דער דערקוויקנדיקער לופט. באַגינען פלעגט מען ווידער פארקריכן אין קעלער און ווידער וואַרטן אויפן אָנקומענדיקן אָוונט. פון צייט צו צייט האָבן מיר געהערט שאָסן און אויפרייסן, אָבער וואָס אין געטאָ האָט זיך געטאָן האָבן מיר ניט געוווּסט.

אין איינער אַ נאַכט, ווען מיר זיינען ארויס א גרופּע פון 15 מענטשן אויפן הויף, האָט זיך א לייכטזיניקן יונגנמאַן פאַרוואָלט ארויסשמעקן אין גאַס. ער איז גלייך פאַרהאַלטן געוואָרן פון א פּאָליציי־גרופּע, וועלכע האָט א גאַנצע נאַכט פּאַטרולירט אין די געטאָ־גאַסן. זיי זיינען גלייך אריין מיטן יונגנמאַן אין הויף, ארומגערינגלט אונדז מיט א קייט פון קוילנוואַרפער — און ארויסגעפירט אונדזער גאַנצע גרופּע. אויפן וועג האָבן אונדז די פּאָסטנס באַרואיקט — אז עס דערוואַרט אונדז גאָר א לייכטער טויט. אויפן וועג האָט א פרוי פון אונדזער גרופּע זיך א ריס געטאָן און אריינגע־לאָפן אין א הויף, אָבער א קויל פון אַן אויטאָמאַטישן ביקס האָט א סוף גע־מאַכט צו איר פּחד. צו אונדז האָבן זיך נאָר דערטראָגן אירע פאַרצווייפ־לונגס־געשרייען.

דריי אזייגער פאַרטאָג האָט מען אונדז געבראַכט אויף א פּלאַץ נעבן דער קאָמענדאַנטור. עס האָט זיך דערהערט אַ באַפעל:

— זיך אויסציען אויף דער ערד — גלייך, מיטן פּנים צום הימל!

ארום אונדז האָבן געקנאַקט די שלעסער פון די ביקסן. עס זעט אויס — די לעצטע מינוטן זיינען געקומען. מיין פרוי האָט זיך נעענטער צוגע־רוקט צו מיר. איך האָב גענומען איר האַנט אין מיינער.ביידע זיינען מיר רואיק געלעגן — געוואַרט. כ׳האָב דערזען דעם מאָרגן־שטערן איבער מיין קאָפּ, אים פיקסירט מיט מיין לעצטן בליק און דורך אים זיך געזעגנט מיט דער שיינער וועלט. א מאָדנע וואַרעמקייט האָט זיך צעגאָסן אין גאַנצן גוף, ווי א הייסער ווינט וואָלט מיר א ברי געטאָן פון קאָפּ ביז די פּיאַטעס. איך האָב דעם קאָפּ א ביסל אויפגעהויבן, כדי די קויל זאָל מיר טרעפן אין לאַנגן מאַרך, איך זאָל זיך ניט דאַרפן לאַנג מאַטערן. די זעלבע עצה האָב איך אויך מיין פרוי געגעבן. געטראַכט האָב איך אין לעצטן מאָמענט פון מיין זונעלע, ווי גוט עס איז, וואָס ער ליגט ניט מיט אונדז, דאָ.

וויפל מינוטן זיינען פאַרביי אין וואַרטן ווייס איך ניט, אָבער עס האָט ניט געקנאַלט. מיר האָבן זיך לאַנגזאַם אָנגעהויבן דרייען פון איין זייט אויף דער צווייטער. דער טויט־באַפעל איז פאַרביטן געוואָרן דורך א פאַר־אָרדענונג אונדז צוצושטעלן צום נאָענטסטן טראַנספּאָרט וואָס גייט אָפּ קיין דייטשלאַנד, כדי זיכער צו זיין, אז מיר וועלן מער ניט פאַרקריכן ערגעץ ווו אין א בונקער. אלע זיינען מיר געווען האַלב נאַקעט און האָבן געבעטן, אז מען זאָל אונדז לאָזן גיין אהיים נעמען קליידער. ביז האַלבן טאָג האָט מען אונדז געהאלטן אונטער א ספּעציעלער שמירה. סוף כל סוף איז אונדז געלונגען זיך צו באַפרייען מיטן תנאי, אז מיר וועלן נעמען קליידער און עסן — און קומען צוריק. מיר זיינען אָבער ווידער אריינגעקראָכן אין קעלער מיט א פעסטן באַשלוס, אז אויב עס איז אפילו באַשערט דערשטיקט צו ווערן, אָבער פון בונקער וועלן מיר ניט ארויסקריכן.

צוויי מעת־לעת זיינען מיר ווידער געלעגן מיט טרוקענע מיילער און אויסגעשטרעקטע צינגער און זיך געבאָדן אין ימען שווייס. וואַסער איז גע־וואָרן קנאַפּ, עסן האָט קיינער ניט געוואָלט. מען האָט זיך געטוליעט איינער צום צווייטן און געהאָפט, אז אונדז וועט מען ניט געפינען. נאָך א פּאָר טעג וועלן מיר זיך מאַטערן — און די ישועה מוז און וועט קומען.

צווישן זיך האָט מען ווייניק געשמועסט. די פראַגע, וואָס האָט אַלעמען באַשעפטיקט, איז ניט געווען צי מען וועט אונדז דאָ יאָ געפינען אָדער ניט,

נאָר — ווי וועלן מיר וויסן ווען מען קען שוין ארויס, ווער וועט אונדז אָנ־זאָגן, אז מיר זיינען שוין פריי.

גאָר אומדערוואַרט, איינמאָל אינדערפרי, האָבן מיר דערהערט א לייכטן קלאפּן איבער אונדזער קאָפּ. דאָס קלאַפּן איז געוואָרן אלץ שטאַרקער און דייטלעכער, אין סעקונדן איז פאַר אלעמען קלאָר געווען — מען האָט דערטאַפּט אונדזער באַהעלטעניש, מען זוכט דעם אריינגאַנג. די ערשטע מינוטן זיינען מיר אַלע געלעגן מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם און מיר האָבן געשוויגן. באַלד האָבן זיך די פרויען אָנגעהויבן באַוועגן און גענומען זיך אָנטאָן. ס'איז שווער געווען איינצוהאַלטן די 40 מענטשן אין דער אָ נערוון־שפּאַנונג, און איינער האָט באַלד א געשריי געטאָן:

— מיר קומען ארויס.

די לאָך האָט זיך באַלד געעפנט און ביים ארויסגאַנג איז שוין גע־שטאַנען א דייטש מיט א קוילנוואַרפער, רואיק און פאַרביסן האָט ער צו־געקוקט, ווי יידן קריכן איינציקווייז פון זייער נאָרע.

ארויס זיינען מיר אָן פּאַניק. רואיק, רעזיגנירט און אַפּאַטיש. דער לעצטער פּרווו זיך צו ראַטעווען איז ניט געלונגען. זאָל שוין זיין וואָס עס וועט זיין.

אויפן הויף האָט אונדז שוין אָפּגעוואַרט א גרעסערע סאָלדאטן־גרופּע, וועלכע האָט אונדז געהייסן זיך אויסזעצן אויף דער ערד. די קילע לופט האָט אונדז מחיה געווען. ס'האָט זיך נאָר געוואָלט טרינקען, טרינקען און אָטעמען וואָס מער לופט. וואָס עס וועט ווייטער מיט אונדז געשען, האָט קיינעם ניט אינטערעסירט. אלע האָבן אויסגעזען ווי אויסגעבאָ־דענע. די אויגן זיינען געווען רויט און אנטצינדעט. די ליפּן — אויסגע־טריקנט און צעשפּאָלטן. די דייטשן זיינען געווען זייער גוטמוטיק. זיי האָבן דערלויבט ברענגען וואַסער, טרינקען, און מיטנעמען מיט זיך די צו־געגרייטע פּעקלעך. נאָכדעם, אז מיר זיינען שוין געקומען צו זיך, האָט אָן עלטסטער באַפוילן אויפצושטיין— און אונטער א שטאַרקער באַוואַכונג אונדז אוועקגעפירט.

דער געטאָ־שפּיטאָל, בשכנות מיט אונדזער באַהעלטעניש, איז געווען איינגעפאלן און פאַרברענט. אונטער די חורבות זיינען פאַרברענט געוואָרן א באוווסטער קאָוונער מאַטעמאַטיק־לערער מיט זיין פרוי, אונדזער א קאָ־לעגע מיט זיין פרוי און קינד און נאָך א פּאָר צענדליק קראַנקע.

דאָס געטאָ איז שוין געווען פוסט. פון צייט־צו־צייט זיינען פון פאַר־שידענע געסלעך, גרופּעסווייז, אָנגעקומען יידן, וואָס מען האָט זיי ארויסגע־שלעפּט פון קעלערס. אַלעמען האָבן די ס.ס.־מענער געטריבן אין איין ריכ־טונג. אויפן געטאָ בית־עולם זיינען געשטאַנען יידן און געגראָבן קברים. אין אלע עקן פון געטאָ האָבן געפלאַקערט הייזער. קליידער, בעט־געוואנט און אנדערע חפצים האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן. ביי דער קאָמענ־דאַנטור זיינען געשטאַנען די הויפּט־לייט פון געסטאַפּאָ און אונדז באַ־גלייט מיט גזלנישע בליקן. יעדער פון אונדז איז געגאַנגען גלייכגילטיק, אָן פחד — זיין גורל אנטקעגן.

אריינגעטריבן האָט מען אונדז אין א גרויסן הילצערנעם באַראַק, ווו עס האָבן זיך שוין געפונען א פּאָר טויזנט יידן. אלע אויסגעפּישט פון פאַרשידענע בונקערס אין די לעצטע צוויי טעג. דער טומל און הוהאַ איז דאָ געווען גרויס. א טייל זיצן מיט רעזיגנירטע בליקן און קייען א טרוקן שטיקל ברויט. אַנדערע, יונגעלייט, לויפן נאָך ארום, און גיבן זיך ניט אונטער. די געביידע איז ארום און ארום שטרענג באַוואַכט, קיין שום רעטונג איז ניט צו זען. דאָס רוב איז איבערצייגט, אז דער באַראַק וועט באַלד אוועק אין פלאַמען, צוזאַמען מיט די פּאָר טויזנט יידן.

זיצנדיק א פּאָר שעה צווישן דער מענטשן־מאַסע, האָבן מיר זיך דער־ווּסט פון גרויליקע געשעענישן אין געטאָ פאַר די לעצטע פּאָר טעג. פון דער שריפה אין שפּיטאָל און די גוואַלד־געשרייען פון די קראַנקע. פון מאַסן־דערשיסונגען און רציחות. א גרופּע, וועלכע מען האָט געפונען פריער מיט א טאָג, איז די גאַנצע נאַכט געשטאַנען אויף די קני אין א טיפער בלאָטע. א קאָלעגע האָט זיך איינגעשפּריצט מאָרפיום און האָט אין יענער בלאָטע זיין נשמה אויסגעהויכט. מען האָט איינער דעם צווייטן דערציילט פון דער געטאָ־אַגאָניע — רואיק, אָן באזונדערע אויפרעגונג און ענטזעצונג.

איין געשעעניש האָט אפילו די רעזיגנירטע און צום טויט־פּאַראַרטייל־טע מאַסע דערשיטערט. יעדער פון אונדז האָט פאַרגעסן אָן זיך און ניט אויפגעהערט צו ריידן וועגן דער טיפער עלטערן־טראַגעדיע. אַן אדוואָ־קאַט מיט זיין פרוי האָבן באשלאָסן זייער 8־יאָריק יינגעלע ניט אָפּגעבן פון זיך, און אויב עס איז באשערט — אומקומען מיט דעם קינד צוזאַ־מען. אז עס האָט זיך אָנגעהויבן די עוואַקואַציע, האָט ער זיך, זיין פרוי און זיין קינד איינגעגעבן גיפט. דער גיפט האָט שנעל א סוף געמאַכט צום לעבן פון צאַרטן זונעלע, אָבער פאר די עלטערן איז ער געווען צו שוואַך.

פאָטער און מוטער האָבן זיך נאָך א לאַנגן שלאָף אויפגעכאַפּט און געפונען דאָס קינד טויט, אין זיין בעטל. זיי האָבן באַגלייט דעם קינד צו קבורה, אָבער וויטער לעבן האָבן זיי ניט געקאָנט. זיי זיינען צו צום געטאָ־צוים, געמאַכט כלומרשט א פרווו ארויסצוגיין, און קוילן פון אַן אויטאָמאַטישן ביקס האָבן זיי פאַראייניקט מיט זייער קינד.

אין משך פון די פאָר שעה, וואָס מיר זיינען געזעסן אין דעם באַראַק, זיינען צוגעקומען אַלץ נייע מענטשן, געפונענע אין פאַרשידענע באהעל־טענישן. טייל קעלערס האָט מען אויפגעריסן מיט גראַנאַטן, און די לעבן־געבליבענע זיינען ארויסגעקראָכן פון אונטער די חורבות, פאַררויכערטע און פאַרוואונדעטע.

די געביידע איז פול געפראָפּט, שוין ניטאָ ווו צו שטיין און ווו צו זיצן. די מאַסע האָט זיך מיט אַמאָל א ריר געטאָן. עמעצער האָט באַפוילן:

— גיין!

קיינער האָט ניט געפרעגט וווהין מ׳גייט, וויייניק ווּעמען האָט דאָס אינטערעסירט. אויפן שאָסיי זיינען געשטאַנען צוויי טויזנט מענטשן, אויסגעשטעלט אין רייען, אין גלייכגילטיקער פאַרשטאַרטקייט. א ס.ס.־מאַן איז אדורך צווישן די רייען, האָט ארויסגעריסן אייניקע מוטערס מיט קינדער אויף די הענט, אייניקע פאַרוואונדעטע פון די אויפרייסן, א פאָר עלטערע מענטשן, א פאָר אינוואַלידן און אוועקגעשטעלט זיי אָן א זייט.

א חבר, וועלכער האָט פאַרלאָרן א פוס מיט 3 טעג צוריק ביים וועלן דורכגיין דורכן צוים, האָט זיך פאַרבאַהאַלטן צווישן אונדז און געבליבן אומבאַמערקט.

אַן אַקושאָרקע, וואָס האָט אין געטאָ מיט מיר צוזאמען געאַרבעט, שטייט שוין מיט איר מאַן, אין יענער מתים־גרופּע; זי, בלאַס ווי קאַלך, מיט א ווילד אָפּוועזנדיק בליק אין דער אומענדלעכקייט; ער, פאַרבלוטיקט פון א שפּליטער, באַמערקט מיך אין די רייען און מאַכט א זשעסט מיט זיין האַנט, ווי ער וואָלט פרעגן: איז עס שוין דער סוף? ביידע, מאַן און פרוי, שטייען געאַרעמט אוועקצוגיין.

א מאַמע האָט זיך איינגעבויגן מיט איר ברוסט־קינד אויפן אָרעם, כדי אין דער בלאָטע אָפּצונעצן די פאַרשמאַכטע ליפּעלעך פון איר עופהלע.

די צוויי טויזנט קעפּיקע קאָלאָנע האָט זיך לאַנגזאַם גערירט. יעדער האָט באַקומען אויפן וועג א לעבל ברויט מיט א פלעשל סעלטער־וואַסער. שטרענג באַוואַכט פון א געדיכטער פאָסטן־קייט, מאַרשירן מיר שוין דורך

קאָוונער גאַסן. יעדער ווינקל פון דער דאָזיקער יידישער שטאָט איז גע־
ווען אזוי נאָענט, יעדעס הויז באַקאַנט. צענדליקער יאָרן האָבן יידן דאָ גע־
לעבט, געלערנט, געאַרבעט, געשאַפן. הונדערטער יאָרן האָבן יידן אין די
אלטשטאָט־גאסן געוועבט א פילזייטיק יידיש לעבן און יידיש קולטור.
איצט איז די שטאָט קאלט און פרעמד, פון יעדן טויער שרייט ארויס פאַרגאָסן
יידיש בלוט, פון יעדן פענצטער קוקן ארויס הענקער־בליקן, וואָס פרייען זיך
צו זען ווי די לעצטע ליטווישע יידן ווערן פארטריבן, און עס וועלן קיין
עדות ניט בלייבן אויף צו דערציילן פון זייערע מעשים. קינדער אין
די גאסן באגלייטן אונדז מיט זלזולים, דערוואקסענע גייען פארביי מיט
באהאלטענער רציחה. ווען איינצלנע יידישע יונגעלייט האָבן געמאַכט
דעם לעצטן פרווו זיך ארויסצורוקן פון די רייען און פארשווינדן, האָבן
פאַרבייגייענדיקע ליטווינער זיי אָנגעוויזן צו די דייטשן, און די יידן זיינען
מיט קלעפ צוריק אריינגעטריבן געוואָרן אין דער קאָלאָנע.

אויפן קאָוונער וואָקזאַל איז געווען א כאַאָס. דייטשן זיינען געלאָפן
אָן א קאָפּ. ס׳האָבן געפעלט וואַגאָנעס און אַנדערע טראַנספּאָרט מעגלעכ־
קייטן. פאַר אונדז איז שוין אָבער געווען צוגעגרייט אן עשאַלאָן פון צענד־
ליקער משא־וואַגאָנעס. מיר זיינען בילכער. שונא נומער 1 טאָר ניט בלייבן
אין פרעמדע הענט. די באַוועגונג פון מיליטער, דער כאַאָס און פּאַניק
האָבן געוויזן, אז דער פראָנט איז גאָר נאָענט. ווען מיר האָבן זיך דער־
ווּסט, אז אונדזער רייזע איז אָפּגעלייגט ביז מאָרגן און מיר וועלן נעכטיקן
אין די פאַרמאַכטע וואַגאָנעס, האָבן זיך ווידער שטראַלן פון האָפענונג
אריינגעריסן אין די פינצטערע משא־וואַגאָנעס. אייניקע זיינען געווען
זיכער, אז ביז מאָרגן וועט שוין דער וועג זיין אָפּגעשניטן, און מיר
וועלן באַפרייט ווערן דורך די רוסן. אויף מאָרגן, אַז דער עשאַלאָן
האָט זיך גערירט, און מיר האָבן הינטער זיך איבערגעלאָזט די ברייטע ליטע־
פעלדער, האָבן נאָך אלץ יידן געהאָפט אויף א נס. אָט וועלן פון א וואלד זיך
באַוויזן רוסישע טאַנקען, אָפּשטעלן דעם צוג און מעלדן: יידן, איר זייט
פריי! אז מיר זיינען אָבער אריבער די דייטשע גרענעץ און עס האָבן זיך
באַוויזן דייטשע שטעטלעך און דערפער, האָבן זיך די הענט אראָפּגעלאָזט,
און די שטראַלנדיקע בליקן פון העל־זעער האָבן זיך ווידער אויסגעלאָשן.

געלעגן זיינען מיר צוזאמענגעפּרעסט פּופציק מענטשן אין א וואַגאָן,
יעדער מיט זיינע פּעקלעך צוקאָפּנס, ס׳איז געווען ענג, הייס און מ׳איז געווען

הונגעריק. 3 מעת־לעת זיינען מיר געפאָרן א שטרעקע פון 7—8 שעה. יידן האָבן גוט געקענט דעם וועג. ניט איינער איז אמאָל געפאָרן דעם וועג געשעפטלעך, אין א קוראָרט, אָדער צו א פראָפעסאָר אין קעניגס־בערג. געווען אנדערע צייטן. איצט פאָרט מען ווי בהמות, אָן א בילעט, אין דער אומבאַקאַנטקייט אריין. אויף א סטאַנציע, טיגנהאָף, ניט ווייט פון דאַנציג, זיינען מיר ארויס פון די וואַגאָנעס און זיך איבערגעזעצט אויף א קליינבאַן, וועלכער האָט אונדז געזאָלט פירן דירעקט אין אונדזער „נייער היים״.

אין דעם שיינעם, הייסן יולי־טאָג זיינען דאָס געווען די אָנגע־נעמסטע שעהן פון אונדזער רייזע. מיר שטייען אין אָפענע קליינע וואַ־גאָנעס, וואָס טראָגן אונדז דורך ברייטע פעלדער, מיר אָטעמען פריי און טיף און האָבן הנאה פון דער שיינער גרינער וועלט. שוין דריי יאָר ניט געזען אזעלכע ברייטע, פרייע פעלדער. שוין דריי יאָר זיך ניט באוועגט אויף אזא אָפענעם זוניקן וועג.

פאַר אַלעמען אָבער איז דער שיינער וועג געווען דער אָנהויב פון פיינפולע גרויזאַמע טעג. פאר א טייל — דער לעצטער וועג צום קבר.

# וואַלד־לאַגערן

אונדזער קליינבאַן שניידט דורך א געדיכטן וואַלד. פוןביידע זייטן וועג שטייען אויסגעשטעלט באַוואָפנטע זעלנער, א סימן, אז מיר דערנענטערן זיך צום ציל. וואָס נעענטער, אַלץ שטרענגער און געדיכטער ווערט די באַוואַכונג.

מיר זיינען אָנגעקומען אין באַוואוסטן קאָנצענטראַציע־לאַגער שטוטהאָף.

ווי נאָר מיר זיינען אראָפגעשטיגן פון די וואַגאָנעס, האָט מען אונדז באַלד מקבל־פּנים געווען מיט קלעפּ און זידלערייען. העכערע ס.ס.־אָפיצערן האָבן שנעל באַקוקט דעם נייעם טראַנספּאָרט, ווידער אונדז אויסגעשטעלט צו פינף אין א ריי און געטריבן ווייטער.

ארום יעדן גרויסן קאָנצענטראַציע־לאַגער האָבן זיך אויסגעבויט גאַנצע שטעטלעך — פאַר די הינט, וועלכע האָבן דעם לאַגער באַוואַכט און פאַר דעם לאַגער־פּערסאָנאַל. מיר האָבן פאַרביימאַרשירט פראַכטפולע ווילעס מיט גערטנער פול מיט בלומען, ספּאָרט־פּלעצער און שפּיל־פּלעצער. פרייע קינדער האָבן זיך געשפּילט ניט ווייט פון וועג אין א סעדל, דאָס זיינען געווען קינדער פון די ס.ס.־תלינים און העכערע פאַרטייפונקציאָנערן. גאַנצע טעג פאַרווײַלט מען זיך אין סאַדיסטישער פרייד ביי מאָרד און פאַרניכטונג — אין לאַגער; אין די אָוונטן קומט מען צוריק צו פרוי און קינדער און מען פאַרברענגט אין א פריידיקער משפּחה־סביבה.

אַז איך האָב דערזען די קינדער אין גערטנדל, האָט א שאַרפער מעסער מיר אַ שניט געטאָן דאָס לייב. און מיין קינד ווו איז? צי לאַכט ער אויך און פרייט זיך? צי קלאָגט ער איצט אויף זיין פאַריתומטקייט און איינזאמקייט? ווי אומענדלעך ווייט מיר זיינען איינער פון צווייטן! ווי אָפט אָבער גיט א שימער זיין געשטאַלט פאַר די אויגן און דאָס הארץ ווערט צעריסן פון בענקשאַפט.

מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען דעם „ווילן־פירטל" און זיינען דורך א טויער אריין צו זיך — ווידער צווישן שטעכיקן דראָט.

שוין דריי יאָר ווי אונדזער אויג זעט שטענדיק די דראָטיקע נעץ. ניט אין גרינע פעלדער, ניט אין א געדיכטן וואַלד, נאָר אין אַן ארומגעצוימטן שטייג פילן מיר זיך ווי אין דער היים. דער שטעכיקער דראָט איז געוואָרן אונדזער שוץ און אונדזער לעבנס־ראַם.

מען האָט אונדז אריינגעטריבן אין א גרויסן רוים פון א ניט־פאַרענדיק־טער געביידע. מיר האָבן זיך אַלע אויסגעלייגט אויפן שטיינערנעם דיל, ארויסגענומען דאָס צוזאַמענגעטראָגענע ביסל עסן, און גערוט נאָכן לאַנגן און שווערן וועג. קיינער האָט ניט געוואַגט ארויסצוזאָגן א סברה, ווי לאַנג מען וועט דאָ זיצן און ווו מען וועט אונדז ווייטער טרייבן.

צאַפּלדיקע יונגעלייט האָבן זיך שוין פאַרבונדן מיט אַלטע לאַגער־אַרעסטאַנטן, געביטן ברויט אויף סיגאַרעטן און זיך נאָכגעפרעגט וועגן לאַגער און וואָס עס דערוואַרט אונדז דאָ. די אַלטע לאַגער־תושבים האָבן ניט דערציילט וועגן גרויזאַמקייטן, האָבן נאָר געוואָרנט, אז מען נעמט אַלץ אַוועק, עס לוינט קיין זאַך ניט צו פאַרשטעקן. מען נעמט צו פון ניי־אָנגעקומענע ביז א האָר. געמיינט האָבן זיי דערביי נאָך בעסער צו מאַכן זייערע ביזנעס און צונעמען באַצייטנס דאָס, וואָס שפּעטער וועט דער דייטש במילא אַוועקרויבן.

עס זיינען נאָך געווען יידן וואָס האָבן געמיינט, אז דער געלער מעטאַל אָדער א טייערער שטיין קען ארויסהעלפן אפילו פון מלאך־המות און האָבן מיט זיך געשלעפּט כלערליי קאָסטבאַרקייטן, וואָס זיי האָבן מיט לעבנס־געפאַר ארויסגעראַטעוועט פון דייטשע רויבער־הענט. מען איז ארומגעלאָפן ווי פאַרסמטע און געזוכט מעגלעכקייטן ווו צו פאַרשטעקן די גאָלד־מטבע אָדער דעם טייערן שטיין. פרויען זיינען צוגעלאָפן צו מיר מיט ווילדע פאַרצווייפלטע בליקן, איך זאָל זיי העלפן באַהאַלטן בריליאַנטן טיף אין זייער קערפּער... אנדערע שלינגען אראָפּ שטיינדלעך און פרייען זיך מיטן געלונגענעם איינפאַל.

עס איז אומגעמיטלעך צו זען דעם מענטשן, ווי ער קלאַמערט זיך אָן דאָס טויטע שטיקל ווערט־זאַך, פאַרגעסנדיק בעת־מעשה ווו ער איז אויף דער וועלט. און אפשר איז עס גאָר א גליקלעכע אייגנשאַפט פון מענטשן, וואָס ער הענגט אָן אָן א נישטיקן געגנשטאַנד זיינע אַלע האָפענונגען און

אילוזיעס. ער פילט זיך ניט אזוי הילפלאָז און עס איז אים לייכטער צו שטיין אַנטקעגן דער אויסזיכטלאָזיקייט.

עס האָט זיך אָנגערוקט דער אָוונט. יעדער האָט אָנגעהויבן צוצו־גרייטן פאר זיך א געלעגער ווו זיינע פיס אויסצוציען. פאר אלעמען אומ־דערוואַרט האָט פּלוצלונג א בריל געטאָן א באַפעל:

— אלע מענער רויס!

יעדער פון אונדז האָט דערפילט, אז אין דעם מאָמענט האָט דער גורל שאַרף אָפּגעשניטן מאַן פון פרוי, פון דעם מאָמענט אָן וועט יעדער איינער פון זיי באַזונדער טרעטן אויף פאַרשידענעליידנס־וועגן. ביז איצט איז געווען צו גוט. נעבן דיר האָט נאָך געאָטעמט פרויען־צערטלעכקייט, האָסט געפילט ביסט ניט אליין. באַך א האַרץ קלאַפּט אין זעלבן ריטם, נאָך ווער דאַרף דיך האָבן אין שווערע גורלדיקע מינוטן. אין סעקונדן האָט מען געמוזט זיך אָפּרייסן פון פרויען, געניסן פון זייער לעצטער פרויען־זאָרג און צונעמען פון זייער האַנט דאָס אָנגעגרייטע פּעקל און אַוועק.

אין דרויסן האָט שוין אויף אונדז געוואַרט א באַוואַכונג. דאָס מאָל האָבן פאַר אונדזערע אויגן זיך אנטפּלעקט גאָר משונהדיקע געשטאַלטן. אַלע וואַך־פּאָסטנס זיינען געווען הויך און דאַר, מיט סקוליסטע פּנימער און גלייכגילטיקע בליקן. אַלע ווי איינער אָנגעטאָן אין שוואַרצע בגדים, מיט שוואַרצע קאַסקעס און לאַנגע שוואַרצע שינעלן. זיי זיינען געשטאַנען ארום אונדזער קאָלאָנע ווי פאַרגליווערטע סטאַטועס. די ביקסן אין די הענט, יעדן מאָמענט גרייט צום שיסן. כאָטש געזען האָבן מיר שוין פיל און געווען צו אלץ גרייט, איז דאָך אזא דערשיינונג געווען אפילו פאַר אונדז ניי. אין ערשטן מאָמענט ביים אָנבליק פון די לאַנגע שוואַרצע געשטאַלטן, האָבן זיך א בויג געטאָן די פיס. אן עלטסטער האָט באַפוילן:

— אָפּמאַרש צום אַלטן לאַגער!

ריידן צווישן זיך האָבן מיר מורא געהאַט — האָבן מיר געמורמלט אונטער דער נאָז און פאָרויסגעזאָגט איינער דעם אַנדערן אונדזער באַלדיקן סוף. אין אלטן לאַגער, דאָס האָבן מיר שוין געוווּסט, איז דאָ א קרעמאַ־טאָריום. די חברה קדישא, אין שוואַרצן געקליידט, איז אויך דאָ — איז דאָך קלאָר וווהין מיר מאַרשירן אצינד.

מיר זיינען געבליבן שטיין איז א גרויסן הויף — ביי א העל באַלויכ־טענעם באַראַק. פון ווייטן האָבן מיר דערזען דעם הויכן קוימען פון קרע־מאַטאָריום . . .

אָנגעקומען זיינען מיר אָבער אין דעם אַנטלויזונגס־אַנשטאַלט, וועלכן יעדער אַרעסטאַנט מוז דורכגיין, איידער ער גייט אריין אין לאַגער. צווישן אונדזערע רייען האָבן זיך אריינגעפלאָכטן אַלטע לאַגער־תושבים, מיינסטנס פּאָליאַקן. מיט פּוילישער צביעות און פֿאַלשקייט האָבן זיי אונדז מזהיר געווען, מיר זאָלן קיין שום ווערטפולע זאַכן ניט האַלטן ביי זיך. מיט אנדערע ווערטער — אָפּגעבן זיי אַלץ.

יידן האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז פון דער אַנטלויזונג וועלן זיי ארויסגיין נאַקעט, האָבן זיי אָנגעהויבן אַלע זייערע ווערט־זאַכן אריינשטעקן אין דער ערד — און מאַכן דערביי סימנים. געמיינט האָבן זיי, אַז זיי וועלן ארויסגיין דורך דער זעלבער טיר, דורך וועלכער זיי זיינען אריין און וועלן אַלץ ארויסגראָבן צוריק.

מען האָט אָנגעשטאָפּט די שטומע ערד מיט צענדליקער גאָלד־חפצים און טייערע שטיינער. עס פּראָדוקטן, וואָס א טייל האָט נאָך געהאַט ביי זיך — האָט מען אָנגעהויבן שנעל צו פֿאַרצערן. פריער, אין וועג, האָט יעדער פֿאַרשטעקט זיין פּעקל — און פֿאַרבאַהאַלטענערהייט זיך געטיילט דערמיט מיט זיינע נאָענטע. איצט, ווייס יעדער, אַז באַלד וועט ער סיי ווי אַלץ אַוועקגעבן — איז מען געוואָרן ברייטהאַרציק.

מענטשן זיינען געשטאַנען און האָבן געשטאָפּט אין זיך, ווי בהמות — אַלץ וואָס עס איז געקומען אונטער דער האַנט: צוקער, האָניק און ווורשט. מען האָט געפּאַקט אין זיך און פֿאַרגעלייגט א צווייטן. מענטשן האָבן זיך אָנגעגעסן ביז ניט־גוטקייט, מיינענדיק, אַז א מענטש, ווי א קעמל, קען זיך אָנעסן אויף א לאַנגער צייט.

די פֿאָדערשטע רייען ווערן שיטערער. פון פֿאַרנט גייט מען אריין צו פינף אין א גרויסן העלן צימער. דער ליכטיקער באַראַק האָט שוין איינגעשלונגען א פּאָר הונדערט מענטשן, און ארויס איז נאָך קיינער ניט.

איך האָב זיך לאַנגזאַם גערוקט פֿאָרויס און אומבאַמערקט בין איך שוין אויך געשטאַנען אין גרויסן זאַל. אין איין האַנט האָב איך געהאלטן מיין רוקזאַק, אין דער צווייטער — מיין היטל. מסתמא האָב איך אויסגעזען נעבעכדיק און צעשטרייט, ווייל ווי איך האָב זיך נאָר א דריי געטאָן, האָבן זיך געשאָטן קלעפּ ווי האָגל. איך האָב זיך שנעל געדאַרפט אוועקשטעלן אויף א באַשטימטן פּלאַץ און זיך אויסטאָן. דאָס אויסטאָן זיך האָט געמוזט געשען לויט א פֿאָרויס־באַשטימטער אָרדענונג: צופוסנס ליגט

דאָס היטל, אין היטל — אריינוואַרפן אַלץ וואָס מען האָט אין די טאַשן, און דאַן זיך אויסטאָן מוטער־נאַקעט.

אויף מיין ביטע, מיר איבערלאָזן מיין שפריץ מיט די מעדיקאַמענטן, וואָס איך האָב געהאַט ביי זיך, האָב איך ווידער געקראָגן א קלאַפּ. נאָכ־דעם ווי מען האָט מיך באַקוקט פון קאָפּ ביז די פיס, אין האַלדז, צווישן די פינגער א.א.וו., האָט מען מיך צוגעטריבן צו א פאַריקמאַכער. אין סעקונדן איז שוין מיין לאַנגע שוואַרצע שעוועליורע געלעגן אויף דער ערד. מיין האַנט האָט שנעל א גלעט געטאָן דעם נאַקעטן קאָפּ און דערפילט אַן אומגעוויינלעכן גלאַטן און קאַלטן געפיל.

פון ערשטן צימער — אריין אין צווייטן. אין מיטן צימער שטייט אַן עמער מיט שמוציק זייף־וואַסער. מיט דעם שמוציקן וואַסער האָב איך געדאַרפט באַשמירן די באַהאָרטע קערפּער־טיילן. ווי אויף א לויפנדיקן באַנד אין א פאַבריק, אַזוי שנעל איז מען דורך פון האַנט צו האַנט דעם טייוולשן וועג. אויטאָמאַטיש בין איך ארויף אויף א לאַנגער באַנק. נעבן באַנק זיינען ווידער געשטאַנען דריי פאַריקמאַכערס. דער ערשטער האָט ראַזירט די האָר אונטער די אָרעמס, דער צווייטער — די האָר פון קערפּער, דער דריטער — די געשלעכטס־אָרגאַנען. די מעסערס זיינען געווען טעמפּ און ביז בלוט זיך איינגעשניטן אין הויט. ביי יעדן ריר — אַ פּאַטש. ביי יעדן מוסקול־צוג — א זעץ מיטן פויסט. די פאַריקמאַכערס ריידן ניט מיט דיר. דו דאַרפסט פאַרשטיין לויטן קלאַפּ וואָס דו קריגסט, ווי דו דאַרפסט שטיין, ווי זיך דרייען און בויגן. אַז איך בין פּטור געוואָרן פון די דריי פאַריקמאַכערס און אַראָפּ פון באַנק האָב איך גלייך געמוזט ארויפשטייגן אויף א גענעקאָלאָגישן שטול צו אַן אינטימערער אינערער אונטערזוכונג.

פון צווייטן צימער זיינען מיר אריין אין א דוש־צימער. דאָ איז גע־שטאַנען א יונגער פּאָליאַק מיט א גומי־קישקע אין האַנט און גלאַט אַזוי געשלאָגן איבערן נאַקטען קערפּער. זיך אָפּגעדושט, אריינגעשפּרונגען אין אַ פאַס מיט קאַלטער קאַרבאָלקע, אָפּגעטובלט זיך און ארויסגעשפּרונגען. ערשט אין פערטן צימער האָבן מיר אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און באַקומען קליידער.

די גאַנצע פּראָצעדור האָט געמוזט דויערן מינוטן, כדי אין משך פון איין נאַכט זאָלן איבער טויזנט מענטשן קענען דורכגיין דורך דעם שענדלעכן און אומפאַרגעסלעכן אַנשטאַלט.

אין קליידער צימער האָט יעדער פון אונדז באַקומען א גראַבע, לאַנגע ארעסטאַנטן־העמד, א רעקל, א פּאָר הויזן און א רונדע אַרעסטאַנטן־היטעלע. אלע קליידער זיינען געווען געשטרייפט אין ברייטע בלוי־ווייסע שטרייפן. כ׳האָב זיך שנעל אָנגעטאָן און ארויס באַרוועס דורך א צווייטער טיר אין גאַס. אין גאַס איז געלעגן א באַרג מיט שיך, וועלכע מען האָט ארויסגע־וואָרפן דורכן פענצטער. ביי דער קרוווע שיך איז ווידער געשטאַנען א פּאָ־ליאַק און ווידער געשלאָגן. ער האָט אויסגעשטעלט די שיך פּאָרוויז, און יעדער וואָס איז צו, האָט געדאַרפט נעמען די ערשטע פּאָר און אַוועק. אין דרויסן איז מען געשטאַנען און געוואַרט, ביז די גאַנצע קאָלאָנע וועט פאַר־טיק ווערן און אָפּמאַרשירן צוריק אין לאַגער אריין.

שטייענדיק אין דרויסן האָבן מיר אָנגעהויבן לאַנגזאַם צו באַגרייפן, וואָס מיט אונדז האָט דאָ פּאַסירט. די ערשטע מינוטן האָבן מיר באַקוקט איינער דעם צווייטן, געשטוינט און געלאַכט. אין איין שיינער יולי־נאַכט איז פון ארבעטער, סוחרים, אַקאַדעמיקער געוואָרן א מאָנאָטאָנע צוזאמענ־געגאָסענע אַרעסטאַנטן־מאַסע, וואָס זעט אויס דאָ אויפן גאַס, ווי אויף א משונה־ווילדן מאַסקן באַל. מיר וואָלטן באַשטימט זיך געוויצלט און חוזק געמאַכט פון זיך, ווען ניט די שיך. יעדער פון אונדז האָט באַקומען פרעמדע שיך, ווער צו קליין און ווער צו גרויס. מען האָט אָנגעהויבן זוכן די אייגענע שיך אויף פרעמדע פיס, כדי פון דאָס ניי זיך אויסצובייטן.

שווער צו פארגעסן יענע נאַכט. כ׳האָב אריינגעשטעקט די הענט אין די ליידיקע קעשענעס, אַלע פּוסט, דער קערפּער גלאַט ראַזירט, דער קאָפּ נאַקעט, ווי איבעראַנייס געבאָרן געוואָרן אויף דער וועלט. די שיך אויף די נאַקעטע פיס האָבן גלייך גענומען רייבן די פינגער. די פאַרביטענע שיך אין יענעם אַנטלויזונגס־טאָג האָבן שפּעטער געקאָסט ניט ווייניק יסורים און קרבנות.

ביז אויף מאָרגן אין דער פרי האָט געדויערט די אַנטלויזונגס־פּראָצע־דור. ווען מען האָט אונדז צוריקגעפירט אין לאַגער, האָבן מיר אויפן וועג געטראָפן אונדזערע פרויען. זיי האָבן איבערגענעכטיקט דאָרטן ווו מיר האָבן זיי געלאָזט, און איצט זיינען זיי געגאַנגען צו אַנטלויזונג. יעדער פון אונדז האָט זיין פרוי גלייך דערקענט, אָבער די פרויען האָבן זיך שוין געדאַרפט אָנשטרענגען, כדי אויסצוגעפינען צווישן דער איינפאַרביקער געשטרייפטער מאַסע — דעם נאָענטסטן מענטשן. מיין פרוי האָט מיך

דערזען אין די נייע בגדים, האָט זי ברייטער געעפנט אירע אויגן, צו מיר אַן אויפמונטערנדיקן בליק געוואָרפן — און איז פאַרבייגעגאַנגען.

אויפן וועג האָבן מיר געטראָפן לאַנגע קאָלאָנעס פון אַלטע ארעס־טאַנטן, אויסגעדאַרטע און פאַרשמאַכטע, מיט פאַרצערטע געזיכטער און אויסגעלאָשענע אויגן, וואָס האָבן מאַרשירט צו זייער טאָג־טעגלעכער ארבעט.

בעת־מעשה האָט קיינער פון אונדז ניט געטראַכט, אז אונדז דערוואַרטן נאָך ערגערע טעג און נאָך שווערערע ליידן. דער מענטש באַגרייפט קיינ־מאָל ניט, אז דאָס וואָס ער זעט ארום זיך, מיינט אים אויך. ארום אים קראַפירן טויזנטער פון הונגער און קראַנקהייטן — דאָס מיינט מען ניט אים. עס קאָן דאָך ניט זיין, אז ער זאָל זיך אַוועקלייגן און אויסגיין פונקט אזוי, ווי עס זיינען אויסגעגאַנגען אַנדערע מענטשן. ווי אומברחמנותדיק און גלייכצייטיק לעבנס־נויטיק איז אָט דער אינסטינקט!

פאַרבייגייענדיק די קאָלאָנע פון האַלב־טויטע און פאַרמאָרעטע קאַלי־קעס, האָבן מיר זיך דערנענטערט צו גרין־געפאַרבטע באַראַקן, וועלכע האָבן אויסגעזען פון ווייטן ווי זומער־וווינונגען אויף א דאַטשע. ארום די באַראַקן האָבן בלומען געבליט, עס האָט אויסגעזען גאָר אידיליש.

אין באַראַק האָט מען אונדז באַלד געמאָלדן, אז צוליבן פלאַץ־מאַנגל וועלן מיר דארפן ליגן דריי אין א בעטל. שוין ביי דער טיר האָבן זיך גע־שאָטן קלעפּ ווי האָגל. ווער זיינען געווען אונדזערע נייע באַלעבאַטים, די שלעגער, האָבן מיר נאָך ניט געוווסט. באַגעגנט האָבן אונדז ציליווע יונגע־לייט, גוט געקליידט, מיט אָפּגעפרעסענע פּנימער, זיי זיינען געווען די דעה־זאָגער, זיי האָבן באפוילן און זיי האָבן געשלאָגן.

דאָס רוב אין דעם לאַגער זיינען געווען פּאָליאַקן. יעדער בלאָק אין וועלכן מיר האָבן געלעבט, האָט געהאַט א בלאָק־עלטסטן מיט משרתים. זיי האָבן געזאָרגט פאַר דער אָרדענונג אין בלאָק, פאַרן איינקוואַרטירן, פאַרן אַפּעל און עסן. כאָטש די הערן זיינען אויך געווען ארעסטאַנטן פונקט ווי מיר, האָבן זיי אָבער געגנאָסן פון דייטשן צוטרוי. אויף זייער רציחה און ווילדקייט האָט זיך דער דייטש רואיק געקענט פאַרלאָזן. זיי האָבן געזויפן און געפרעסן אויפן חשבון פון די טויזנטער אויסגעהונגערטע און האָבן אכזריותדיק געשלאָגן. דו האָסט נאָר געדאַרפט א קוק טאָן אין פּנים פון בלאָקאָוון אָדער פון איינעם פון זיינע געהילפן, און שוין האָסטו

באַקומען א קלאַפּ. אויב ער איז געשטאַנען ווייטער פון דיר, האָט ער איין דיר א שטיין געוואָרפן.

איך פלעג אָפט באַאָבאַכטן דעם חיה־מענטש, ווי ער פארכלינִיעט זיך, שפרינגט אויף, כדי שטאַרקער צו קלאַפּן, פאַרלירט אַלע זיינע טאָרמאָזן, שליידערט זיין קרבן אויף דער ערד, טרעט אים מיט די פיס, שלאָגט און ממיתט, ביז ער ווערט פאַרמאַטערט און א שוים יאָגט אים ארויס פון מויל. אויף א מינוט באַרואיקט ער זיך און גייט זוכן א נייעם קרבן. אז די לאַ־גער־הינט פלעגן ריידן צווישן זיך און דערציילן די מעלות פון זייערן א חבר, האָט זיך פאַר א גרעסטע מעלה גערעכנט זיין שיינע האַנטשריפט, דאָס האָט געהייסן, ער שלאָגט גראַציעז, מיט באַזונדערע מעטאָדן און ראפינעסן. דעם ערשטן טאָג האָב איך שוין געזען, ווי א פוילישער קאַפּאָ (אָנפירער פון אַן אַרבעטס־קאָמאַנדאָ) האָט אזוי לאַנג געשלאָגן אַן אַלטיטשקן פּאָליאַק, ביז יענער איז געבליבן ליגן... איך בין נאָך געווען א גרינער קאַ־צעט־מענטש און שווער איבערלעבט די קין־סצענע. איך האָב אַלץ נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס איין פּאָליאַק האָט דערהרגעט דעם צווייטן אָן א פאַרוואָס.

דער מאָרד־פּאַל האָט מיר אביסל די אויגן געעפנט און איך האָב אָנגעהויבן פאַרשטיין דעם טיפערן זין פון דעם לאַגער־סיסטעם. איינער פון די דייטשע פאַרניכטונגס־מיטלען איז געווען, צו שאַפן אזוינע באַדינ־גונגען, אז איינער זאָל אויפפרעסן דעם צווייטן. די קאַצעט־סיסטעם האָט דערצויגן א באַנדיטן־קאַסטע צווישן די אַרעסטאַנטן גופא. זיי געפלעגט און געכאָליעט, כדי צו האָבן אויסגעבילדעטע הענקערס פאר זייער פאַר־ניכטונגס־מאַשין. אין „קאָנצ.־לאַגער“ דאַרף דער דייטש גאָרניט טאָן. זיינע הערן־הענט ניט שמוציק מאַכן. דאָ האָט ער גוט געשולטע בלוט־הינט פון גאנץ אייראָפּע, וואָס ווען פאַר א סיגארעט און א גלעזל בראנפן טאָן אלץ וואָס ער וועט הייסן.

א גאנצן טאָג האָט מען נאָר געדאַרפט לויערן און היטן זיך פון קלעפּ. זיכער בין איך נאָר דאַן געווען, ווען איך פלעג זיך אויסציען אויפן צווייטן שטאָק פון מיין בעטל און בלייבן אומבאַמערקט. צווישן איין מאָלצייט און דער צווייטער האָבן מיר געדאַרפט לערנען די תורה פון קאָנצענטראציע־לאַגער, וועלכע איז באַשטאַנען פון עטלעכע מיליטערישע קאָמאַנדאָס. שעהן־לאַנג האָט מען אונדז ארומגעטריבן און מושטירט. באַזונדערס לאַנג

האָט געדויערט אויסלערנען די קאָמאנדע פון אראָפּנעמען און אָנטאָן דאָס היטל: „מיצן אַפּ״ און „מיצן אויף״. א באַרוועסער פּאַליאַק, א געוועזע־נער פּוילישער אָפיצער, האָט מיט אונדז געחזרט די תורה. אויב איינער פלעגט ניט אזוי שנעל אראָפּכאַפּן דאָס היטל, פלעגט מען אלעמען באַ־שטראָפן מיט לויפן, פאלן, אויפשטיין, לויפן, ווייטער פאלן ביז די כוחות פלעגן אויסגיין. די „מיצן־קאָמאנדע״ האָט אונדז באגלייט אומעטום: ביים ארויסגיין און אַריינגיין אין לאַגער, ביים באַגעגענען א דייטש און ביים אַפּעל. ווי אַן אויטאָמאַט האָסטו געמוזט אַראָפּכאַפּן די היטל און זי אָנטאָן צוריק. פאר ניט באַגריסן צו דער צייט האָט מען געשלאָגן מכות־רצח. ביים אַפּעל, ווען דער דייטש פלעגט אָנקומען ציילן, פלעגט א הילך טאָן די קאָמאַנדע: „מיצן אַפּ״ און אין א מאָמענט זיינען טויזנטער געשטאַנען מיט נאַקעטע קעפּ.

אויף דעם פּלאַץ ווו מיר האָבן געמאַכט די איבונגען, האָבן מיר פון ווייטן געקענט זען אונדזערע פרויען. מיר זיינען געווען אָפּגעטיילט פון זיי מיט שטעכיקן דראָט און ניט געטאָרט צום דראָט זיך דערנענטערן.

5 טעג ווי מיר זיצן שוין אין דער תפיסה. עס צירקולירן קלאַנגען, אז די יינגערע פון צווישן אונדז וועט מען שיקן אויף אַרבעט. עס האָט זיך קיינמאָל ניט געוואָלט פאַרלאָזן דעם אָרט ווו מען איז שוין געזעסן, ווי שלעכט עס איז ניט געווען. ווייל וואָס דאָ איז — ווייסן מיר שוין, וואָס עס וועט זיין דאָרט וווהין מען שיקט אונדז, ווייסן מיר נאָך ניט. אפשר בעסער און אפשר א סך ערגער.

איינמאָל מיטאָג־צייט, מיר האָבן נאָר וואָס שטייענדיק אויסגעזופּט די מאָגערע קרויט־זופּ פון שיסעלע, הערן מיר א באַפעל:

— אלע טוען זיך אויס ראָק און הויזן, בלייבן נאָר אין העמד און רימען!

א פּאָר מינוט שפּעטער, שטייען שוין אין מיטן גאַס הונדערטער מענטשן אין איין העמד — און פאַרשטייען ניט, וואָס דאָס באַדייט. מיט אַמאָל קומט אָן פון ערגעץ־ווו אַן אַרבעטס־בריגאַדע פון אַלטע לאַגער־אַרעסטאַנטן, אָנגעטאָן אין שמוציקע קאָדער, און נעמען זיך אויך אויסטאָן. באַלד זיינען שוין געשטאַנען צוויי נאַקעטע גרופּעס, איינע אַנטקעגן דער צווייטער, גרייט צו א משונה־ווילדן צוויי־קאַמף. צווישן די צוויי מחנות האָט זיך אוועק־געשטעלט א בלאָקאָווער און זיך גענומען צו דער ארבעט. צוגענומען אונדזערן א בגד און אוועקגעגעבן דעם קעגנער, — זיין בגד צוגענומען —

און אוועקגעגעבן אַן אונדזעריקן. עס איז געגאַנגען פֿיל פֿון בויגן. אין איין שעה זיינען מיר געווען אָנגעטאָן אין זייערע קליידער און זיי — אין אונדזערע.

דער קליידער־בייט האָט אָנגעזאָגט, אַז מען קלייבט זיך אוועקשיקן אונדז פֿון דעם לאַגער. יעדער לאַגער באַמיט זיך די בעסערע און זויבע־רערע קליידער לאָזן פֿאַר אייגענע מענטשן, און די שמאַטעס מיטשיקן מיט די מענטשן, וואָס פֿאָרן אוועק.

מיר האָבן איינער דעם צווייטן ניט דערקענט. אונדזער זויבערע אַרעסטאַנטן־גרופּע איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שמוציק צעקאָדערטע בעטלער־באַנדע.

מיר האָט ניט געאַרט מיינע שוואַרצע גאַליפֿע־הויזן מיט די גרויסע לעכער פֿון הינטן און פֿון פֿאָרנט, מיין קורצער רעקעלע מיטן אָפּגעריסענעם אַרבל און צעפּליקטן אונטערשלאַק, אין וועלכן איך האָב אויסגעזען ווי אַ צירק־קלאָון, — אָבער די לייז, די פֿרעמדע לייז, וועלכע האָבן געלעבט אין יעדן נאָט, אין יעדן קנייטש, האָבן מיך משוגע געמאַכט. דאָס געפֿיל, אַז פֿרעמדע לייז און פֿרעמדער שוויס באַרירט דיין נאַקעט קערפּער, איז געווען שרעקלעכער ווי דאָס געפֿיל פֿון טויט. איך האָב אין די שווערס־טע מינוטן מיין הומאָר ניט פֿאַרלאָרן, זיך אַלעמאָל באַמיט צו שמייכלען — ביי יעדן בייזן שפּיל. דאָס מאָל איז מיר דאָס לאַכן פֿאַרגאַנגען.

נאָכן קליידער־בייט האָבן מיר, לויט אַ באַפֿעל, זיך אויסגעזעצט אויפֿן גאַס, זיך אויסגעטאָן און רעווידירט די בגדים. אַ פּאָר שעה איז געזעסן אונדזער בעטלער־מאַסע און האָט זיך געלויזט. דאָ אין לאַגער גייט אַלץ לויט אַ באַפֿעל: שלאָפֿן, עסן, אויפֿשטיין און אפֿילו די לייז האָסטו רעכט צו זוכן נאָר לויט אַ באַפֿעל. לויט אַ באַפֿעל ביסטו אריינגעקראָכן אין דעם קאָ־דער, און לויט אַ באַפֿעל פֿאַרלויזט געוואָרן.

פֿון יענער זייט צוים האָט מיך מיין פֿרוי מיט די אויגן געזוכט און האָט מיך דערזען אין מיין נייעם טואַלעט. כ׳האָב זיך אוועקגעזעצט אויף דער ערד, זי זאָל ניט זען ווי איך זע אויס, און האָב זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד. זי האָט געפֿילט מיין האַרץ און האָט מיט איר בליק מיך געמונטערט. כ׳האָב איר אָנגעשריבן אַ צעטל, אַז איך פֿאָר אוועק אין אַ אומבאַוווסטער ריכטונג, און האָף, אַז גאָר אין גיכן וועלן מיר צוזאַמען אַרומנעמען אונדזער איינ־ציקן זונעלע.

צוויי אַזייגער ביינאַכט האָט מען אונדז ארויסגעהויבן פון די בעטלעך, און אַנגעלאָדן ווי בהמות אין משא־וואַגאָנעס. מיר וואָגלען שוין ווייטער. וווהין מען פירט אונדז ווייס קיינער ניט. ארום אונדז שפרייטן זיך פרידלעכע דערפער און געדיכטע תבואה־פעלדער. די פרימאָרגן־זון רייסט זיך אריין אין אונדזערע וואַגאָנעס און עס זעט אויס, ווי זי רייצט זיך מיט אונדז דורך א דינעם שפּאַלט פון בהמות־וואַגאָן. שוין ניטאָ קיין פעקל אונטערצולייגן צוקאָפּנס. עס ברעכן די ביינער פון די האַרטע ברעטער. איין פויסט פאַר־בייט די צווייטע ביים אונטערהאַלטן דעם מידן קאָפּ. א ביסל פאַרדעכטיק האָט אויסגעזען די מילדע באַציאונג פון אונדזערע פאָסטנס. זיי האָבן מיט אונדז פריינדלעך געשמועסט, דערלויבט נעמען וואַסער און אין משך פון די דריי טעג וואָס זיי האָבן אונדז באַגלייט, האָבן זיי זיך צו אונדז מענטשלעך באַצויגן. פון זיי האָבן מיר זיך דערוווסט וועגן אטענטאַט אויף היטלערן, און ווי נאָענט מיר זיינען געשטאַנען פאַרן נס אויף וועלכן מיר וואַרטן שוין אזוי לאַנג. אין לענגערע שמועסן מיט אונדז האָבן זיי אָפן געזידלט דעם „פירער״ און פאָרויסגעזאָגט זיין באַלדיקן סוף. אזוינע דבורים האָבן מיר אָפט געהערט פון דייטשן. עס איז אָנגענעם געווען צו הערן אזוינע ווערטער פון דייטשע מיילער, זיי האָבן אָבער ווייניק וואָס באַרואיקט.

איך דערמאָן זיך א געשפּרעך מיט א דייטשן נאָך אין 1941, ווען די דייטשע קריגס־מאַשין האָט זיך באַוועגט פון נצחון צו נצחון. ס'איז גע־ווען א קאַלטע אָסיען־נאַכט, איך בין געשטאַנען מיט א לאָפּעטע און גע־גראָבן דעם ליימיקן באָדן. ביי א פייער איז געשטאַנען א סאָלדאַט, אונדזער שומר, און האָט זיך געוואַרעמט. ער האָט ניט געיאָגט, ניט געשלאָגן ווי אנ־דערע, נאָר גלייכגילטיק געקוקט ווי יידן ארבעטן אין דער טיפער ליים־גרוב. די לוסט צו הערן פון דעם דייטש א מיינונג וועגן זייער און אונדזער לאַגע האָט מיר פאַרכאַפּט, בפרט, אַז קאַלט איז געווען און עס האָט זיך שטאַרק געוואָלט דערוואַרעמען ביים פייער די פאַרגליווערטע פינגער. אז איך האָב אים געבעטן מיר דערלויבן זיך אָנוואַרעמען, האָט ער מיר דערלויבט און גלייך פאַרפירט מיט מיר א שמועס. די ערשטע פראַגע איז געווען, וואָס איז מיין ציווילער באַרוף. אויף מיין ענטפער, אז א דאָקטאָר, האָט ער א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, געזאָגט „פאַרפלוכט נאָך אמאָל״ און ארויס מיטן לשון. „איך וויל נישט וויסן פון דעם דרעקיקן אָסטן״ — האָט ער געזאָגט — „צו וואָס בין איך אהער געקומען פון מיין זוניקן רהיינלאַנד,

היטן יידן?" ביים פאַרלאָזן זיין עלטערן־הויז, האָט אים זיין טאַטע, א רהיינ־לענדישער פויער, אָנגעזאָגט, ער זאָל נאָר ניט שלעכטס טאָן קיין יידן, ווייל ווער עס הויבט זיך אָן מיט יידן, האָט ער געזאָגט, ענדיקט מיטן טייוול. ער באַמיט זיך צו דערפילן די בקשה פון זיין טאַטן.

האָס צום „פירער" און צום קריג, ענטזעצונג איבער די באַציאונג צו אונדז, — דאָס האָבן מיר געהערט פון צייט צו צייט, פון דעם אָדער יענעם דייטש. מיר האָבן אָבער גוט געוווּסט, אז דער זעלבער דייטש איז א ראָ־באָט אין דער גרויסער מאַשין, און ביים ערשטן באַפעל וועט ער שיסן אין אומשולדיקע קינדער. מיר האָבן זיך אָפט באַמיט זיי ארויפציען אויף ענלעכע געשפרעכן, אָבער דאָס איז געווען נאָר א קליינע נקמה־לוסט, הערן ווי זיי באַשמוצן זיך אַליין. מיר האָבן אָפט איבערגעשעצט די ווידערשפעניקע שטימונגען אין דער ארמיי און געמיינט, אָט־אָט און זייער קאמפס־מאָראַל איז געבראָכן; געמיינט אז דער ריח פון פארגאָסן בלוט רייצט זיי ניט מער, נאָר פאַרקערט — שוואַכט זיי אָפּ און רופט אַרוים ביי זיי אַן עקל צו זיך אליין.

מיר האָבן זיך טועה געווען. זיי זיינען ניט זאַט געוואָרן מיט יידיש בלוט. די סאַדיסטישע מאָרד־גלוסטעניש זיינען ניט קלענער געוואָרן און די קאמפס־מאָראַל פון דער דייטשער אַרמיי האָט דערביי לחלוטין ניט געליטן.

שוין צוויי מעת־לעת ווי מיר ליגן אין די וואַגאָנעס און שלעפן זיך טיפער קיין דייטשלאַנד. יידן, וועלכע זיינען געפאָרן מיט אונדז און גוט געקענט די דייטשע וועגן, האָבן בשום אופן ניט געקענט באגרייפן דעם מאַר־שרוט. צוליב צעבאָמבטע אייזנבאַן־וועגן זיינען מיר געפאָרן אויף זייטיקע באַן־ליניעס. א ייד וואָס איז אראָפּ נאָך וואסער האָט געבראַכט א ידיעה, אז אויפן וואַגאָן איז אָנגעקלעפּט א זענדונגס־צעטל: „דער צוג איז אַד־רעסירט קיין אוישוויץ". מיר האָבן שוין געהערט, אז אוישוויץ איז א פאַר־ניכטונגס־לאַגער, אָבער די פאָסטנס האָבן אונדז כסדר באַרואיקט, אַז מיר פאָרן אין ארבעטס־לאַגערן — און קיין שלעכטס וועט מיט אונדז ניט פּאַ־סירן. מיר האָבן זיי סיי ווי ניט געגלויבט, נאָר הענגענדיק אויפן לעצטן שטרוי פון האָפענונג איז פאָרט געווען לייכטער צו דערוואַרטן דעם סוף.

# די נייע „היים"

אונדזער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אן אומבאקאנטער באן־סטאנ־ציע „קאָופערינג". מיט מידע צעבראָכענע גלידער פון די האַרטע ברעטער און לאנגן וועג, זיינען מיר ארויסגעקראָכן פון די וואַגאָנעס און זיך אויס־געשטעלט אויף א פריי פעלד ביים וואָקזאל. א גרופּע באוואָפנטע זעלנער האָבן שוין געוואַרט אויפן טראַנספּאָרט לעבעדיקע סחורה, וועלכער איז געליפערט געוואָרן פון ווייטע מקומות. מען האָט פּינקטלעך אויסגעציילט, כדי געגנוי צו וויסן צי דער ליפערונגס־צעטל שטימט, און צי די זעלבע צאָל שקלאפן, וואָס איז ארויסגעשיקט געוואָרן פון שטוטהאָף, איז אָנגעקומען גאנץ. יעדער אָרגאן וואָס נעמט אונדז איבער, איז פאראנטוואָרטלעך פאר די צאָל פארברעכער, עס זאָל חלילה קיינער ניט פעלן. א פּאָסטן־קייט טרייבט אונדז שוין ווייטער מיטן שאָסיי אין אן אומבאקאנטער ריכטונג.

ביי אונדז איז פאַר דער לעצטער וואָך פאָרגעקומען א שטאַרקער פּסיכאָלאָגישער איבערברוך. אין געטאָ איז נאָך דער מענטש געווען א מענטש מיט נשמה־צוקונגען, פּחד־געפילן און כסדרדיקער נערוועזער שפּאַנונג. דאָרט, אין געטאָ, האָט נאָך יעדער אינדיווידום זיך געשליידערט אין קדחת, געזוכט וועגן און מיטלען ווי זיך ארויסצורייסן פון שונאס נעגל. דאָ, אויף דעם שאָסיי, האָט זיך געשלעפּט א רעזיגנירטע שקלאפן־האָרדע, אָן אַמביציעס און אָן וועלכע עס איז נשמה־ראַנגלענישן. ווי אויטאָמאַטן איז מען געגאַנגען וווהין מען האָט געטריבן, עס האָט קיינעם ניט אינטערע־סירט ווי לאַנג מען וועט טרייבן און ווו מיר וועלן אָנקומען.

אַ פּאָר קילאָמעטער פון סטאַנציע, ביים ראַנד פון א געדיכטן וואַלד, האָבן זיך געוויזן גרינע, רונדע צעלטן, ארומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן. מיר האָבן געמיינט, אַז מיר זיינען אָנגעקומען אַהיים...

קומענדיק נעענטער צו דעם לאגער, האָבן מיר דערזען געשטרייפטע אַרעסטאַנטן־קאָלאָנעס, וואָס זיינען געשטאַנען פאַרטיק צום אָפּמאַרש אויף דער אַרבעט. צווישן די קאָלאָנעס, וועלכע זיינען געשטאַנען פוןביידע זייטן שאָסיי, האָבן מיר באַלד דערקענט אונדזערע קאָוונער יידן, וועלכע האָבן

פאַרלאָזן דעם געטאָ אייניקע טעג פאַר אונדז. אָפּשטעלן זיך האָבן מיר ניט געטאָרט, נאָר פאַרבייגייענדיק האָבן מיר דערקענט פריינט און באַקאַנטע, וואָס האָבן אונדז צוגעווונקען פון ווייטן. אויפן וועג אַהער האָט אונדז אלץ געמאַטערט די פראַגע, ווו זיינען אהינגעקומען די פּאָר טויזנט יידן, וועלכע זיינען אוועק פון געטאָ מיט די ערשטע טראַנספּאָרטן. איצט איז קלאָר — מען האָט אונדז אלעמען צוזאמענגעטריבן אין א וואלדיקער געגנט אין בייערן, און אודאי וועלן אויך מיר, דאָ, ניט ווייט פון זיי, געפינען אונדזער נייע היים.

אונטערוועגס האָבן שוין אייניצלנע גענומען אָפּשטיין. די לעצטע הונגעריקע טעג און די ענגע שיך אויף די באָרוועסע פיס האָבן זיך געלאָזט פילן. מיינער א גוטער פריינט האָט באַקומען א האַרץ־אָנפאַל און איך האָב אים געמוזט נעמען אויף די פּלייצעס. די שיך האָבן מיר געשייערט די פינגער און אַן אָנגעריבענע וווּנד האָט געשניטן ווי מיט מעסערס. איך, מיט מיין חבר אויף די פּלייצעס, האָב גענומען אָפּשטיין פון די רייען. די זעלנער הינטער מיר האָבן געיאָגט, געבריליט און געדראָט. איין שוך האָב איך אויסגעטאָן און גענומען אין האַנט, כדי זיך צו באפרייען פון ווייטאָג און בעסער נאָכצוהאַלטן די מאַרשירנדיקע קאָלאָנע.

5 קילאָמעטער ווייטער האָבן מיר ווידער דערזען אַן ענלעכן לאַגער, מיט גרינע, רונדע צעלטן און שטעכיקן דראָט. דער לאַגער איז נאָך געווען פוסט, און ארבעטער האָבן פאַרענדיקט די באַראַקן בויען. אונדז האָט מען ארויפגעטריבן אויף א גרין פעלד, ווו מיר האָבן געזאָלט וואַרטן ביז עס וועלן זיך עפענען די טויערן.

מיט אַמאָל זיינען די פּאָסטנס געוואָרן אומרואיק און געמאָלדן, אז עס איז א לופט־אַלאַרם. מ׳האָט אונדז אריינגעטריבן אין א גרויסער טיפער זשווירגרוב. אונדזערע שומרים מיט זייער געווער האָבן זיך ארומגעשטעלט ארום דער גרוב, און מיר — טיף אונטן, ווי פאַריאָגטע חיות אין א פאַסטקע.

קיינער פון אונדז האָט ניט געגלויבט, אז עס איז א לופט־אַלאַרם, און דער זין פון אזא מאַנעוור איז געווען פאַר אַלעמען קלאָר. אויפן ראַנד פון גרוב איז דערשינען אַן עלטערער ס.ס.־מאַן, וואָס שאַוולער יידן האָבן דערקענט אין אים דעם מערדער פון זייערע קינדער. ער האָט דאָס זיינער צייט דורכגעפירט די קינדער־אַקציע אין שאַוול. דערזעענדיק דעם רוצח, האָט שוין קיינער ניט געהאָפּט ארויסצוקריכן פון דער גרוב.

אין אזעלכע סיטואציעס האָב איך אַלעמאָל אויסגעמיטן די געדיכטע מענטשן־מאַסע, כדי ניט צו באגעגענען זיך מיט די פּאַרלאָרענע בליקן, ניט זען דעם מענטשן אין זיין טיפסטער פאַרצווייפלונג, און אליין ניט פאַרכאַפּט ווערן דורכן עקלהאַפטן טויט־פּסיכאָז.

איך האָב זיך אויסגעצויגן אויפן זאַמדיקן באָדן, פאַררייסן די אויגן צום בלויען הימל און רואיק געוואַרט.

אַ פראָפּעלער־גערויש האָט דורכגעשניטן די לופט. איבער אונדזערע קעפּ איז דערשינען אַן עראָפּלאַן מיט אַן אַמעריקאַנער צייכן אויף די פליגלען. דער פּילאָט האָט ארויסגערוקט זיין קאָפּ פון קאַבינע, האָט באקוקט די מענטשן־מאַסע און פאַרבייגעפלויגן.

אין גרוב איז געווען א יום־טוב. די שמחה איז געווען אין לשער. דעם ערשטן מאָל פאַרן גאַנצן קריג האָבן מיר דערזען אַן אַמעריקאַנער עראָפּלאַן איבערן קאָפּ. יעדער פון אונדז האָט געפילט, ווי ער וואָלט זיך פאַרבינדן דורך דעם עראָפּלאַן מיט דער גרויסער פרייער וועלט. אין דער פיינדלעכער פאַרוואָרפענער סביבה איז דער פּילאָט פאַר אונדז געווען דער סימבאָל פון פרייהייט און נצחון.

איך האָב זיך לאַנג ניט געקענט באַפרייען פון זיסע קינדישע חלומות, כ׳האָב זיך פאָרגעשטעלט, ווי דער פּילאָט, וואָס איז איצט פאַרבייגעפלויגן, וועט זיך באַלד אַראָפּלאָזן ערגעץ־ווו אויף דער ערד, ווו מענטשן לעבן פריי און וויסן גאָרניט פון אונדזערע ראַנגלעניש און ליידן... די פרייהייט האָט זיך פאַר אונדז באַוויזן ווי אַ מעטעאָר, זיך א רייץ געטאָן מיט אונדזער אויסגעהונגערטער פאַנטאַזיע און ווידער פאַרשוואונדן. אין אזעלכע מינוטן האָט יעדער געטראַכט, ווי גוט וואָלט געווען געבן צו וויסן דורך דעם פּילאָט וועגן אונדזערע ליידן.

מיר זיינען געווען נאַיוו, מיר האָבן געמיינט, אז די בעסערע וועלט וויס ניט וואָס מען טוט מיט אונדז. ס׳קען דאָך ניט זיין, אז אמעריקע וויס, ענגלאַנד וויס, און דאָס וועלט־יידנטום וויס — און אַלע שווייגן. אונדז איז לייכטער געווען צו גלויבן, אז די וועלט וויס פון גאָרניט, דע־ריבער שווייגט זי.

איצט טראַכט איך אַמאָל, ווי שווער וואָלט געווען דאַן צו טראָגן די ליידן, וויסנדיק, אז די וועלט האָט אַלץ געוווּסט און גאָרניט געטאָן. פאַר די מיליאָנען איז לייכטער געווען צו שטאַרבן אין דעם טעות. זיי האָבן טיף

געגלויבט, אז די וועלט האָט זיי ניט פאַרגעסן, און אַז עמעצער וועט זיך אָפּרעכענען פאַר זייער אומשולדיק בלוט. דער טיפער גלויבן אין א קינפּ־טיקער גערעכטיקייט, וואָס וועט צאָלן פאַר יידישע צרות, האָט כסדר באַ־גלייט די מיליאָנען צו קרעמאַטאָריומס און מאַסן־קברים.

די ווייניקע, וואָס זיינען מיט נסים ביים לעבן געבליבן, האָבן זיך שוין אין דער קורצער נאָך־מלחמה צייט איבערצייגט, ווי נאַיוו און נאַריש ס׳איז געוועזן דאָן, אויף יענעם לאַנגן ליידנס־וועג, צו גלויבן אין דער מענטשלעכער פאַרנונפט.

דער לופט־אלארם איז פארביי, גרופעסווייז האָבן מיר גענומען ארויס־קריכן פון גרוב. יעדער פון אונדז האָט באַקומען צוויי דעקעס, א ליימענע שיסעלע און א בלעכענעם לעפל. מיט דעם „פריוואַט־אייגנטום" זיינען מיר אריין דורכן טויער אין דעם ניי־אויסגעבויטן לאַגער.

די בודקעס אין וועלכע מיר האָבן זיך אריינגעצויגן — 20 מאַן אין א בודקע, זיינען געווען געבויט פון א ספּעציעלן קאַרטאָן־אַרטיקן מאַטעריאַל. זיי זיינען געווען פריש און זויבער, און כאָטש מיר זיינען געלעגן אויף דער ערד, ענג צוזאַמענגעפּרעסט, דאָך איז געווען בעסער צו ליגן אין זיי, ווי אין די שמוציקע בהמות־וואַגאָנעס. ביים טויער פון לאַגער זיינען געווען אויס־געבויט באַראַקן פאַר קיכן, וואַש־רוימען און קלאָזעטן.

אריין אין לאַגער זיינען מיר צוויי טויזנט מענער, דאָס רוב ליטווישע יידן; אין די ערשטע טעג האָט אויסגעזען אונדזער לאַגע גאָר ניט שלעכט. דריי מאָל א טאָג האָבן מיר באקומען עסן: קאַווע, ברויט — א דריטל פון א לעבל, וואַרעמע זופּ צו מיטאָג, א שטיקל מאַרגאַרינע, וורשט אָדער קעז. עס זיינען געשטאַנען הייסע יולי־טעג, צו דער אַרבעט האָט מען נאָך ניט געטריבן. מיר זיינען געלעגן מער אין דרויסן ווי אין די ביידלעך און הנאה געהאַט פון דער זוניקער וועלט.

אזא איז שוין דער מענטש. מיר האָבן דאַן ניט געטראַכט וועגן אָנ־קומענדיקן ווינטער אין די פּאַפּירענע ביידלעך און וועגן דער שווערער אַרבעט, צו וועלכער מען האָט אונדז אַהער געבראַכט. מיר האָבן פאַרגעסן, אז מיר זיינען באָרוועס און נאַקעט, און געמיינט, אז די יולי־זון וועט אייביק וואַרעמען. ווי ווייניק מיר האָבן דאַן פאַרשטאַנען אונדזער לאַגע און ווי זאָרגלאָז מיר האָבן פאַרבראַכט די ערשטע וואָכן. קיינער האָט ניט גע־

טראַכט פון מאָרגנדיקן טאָג, נאָר געקלאַמערט זיך און געפרייט זיך מיט דעם געפונענעם היינט. מיר זיינען ניט געווען די באַלעבאַטים פון מאָרגנ־דיקן טאָג, און קעמפן פאַר א בעסערן מאָרגן איז געווען אומזיניק און צוועקלאָז.

אַן עלטערן דאָקטאָר, מיט וועלכן איך האָב נאָך צוזאַמען געאַרבעט אין יידישן שפּיטאָל אין קאָוונע, איז אָנגעטרויט געוואָרן דער געזונטהייטס־וועזן אין לאַגער. א דייטשער סאַניטאַר האָט געבראַכט א שער, א פּינצעט און עטלעכע פּאַפּיר־בינדן. מיט דעם „אינסטרומענטאַריום" און פאַרבאַנד־מאַטעריאַל האָט מען געדאַרפט אָנהויבן באַהאַנדלען די קראַנקע אַרעסטאַנטן.

שוין אין די ערשטע טעג האָבן גענומען שטראָמען יידן מיט כלערליי קראַנקהייטן; אַמייסטן האָבן מענטשן געליטן פון ווונדן אויף די פיס, ווי א רעזולטאַט פון די באָרוועסע פיס אין די ענגע שיך. דער איינציקער דאָקטאָר האָט שוין ניט געקענט באַהערשן די גאַנצע אַרבעט, און צוגעצויגן נאָך צוויי דאָקטוירים צו הילף. מיט ליידיקע הענט האָבן מיר געדאַרפט באַהאַנדלען די פוס־ווונדן, און מער מיט א טרייסט־וואָרט ווי מיט רפואות געהיילט אויך אַנדערע קראַנקהייטן.

עס האָבן זיך גרופּירט אַרבעטס־בריגאַדן, וועלכע האָבן פאַרלאָזן דעם לאַגער גאַנץ פרי און געקומען צוריק שפּעט אין אָוונט. דער לאַגער־קאָמענ־דאַנט האָט מיך נאָך ניט געהאַט באַשטעטיקט אַלס דאָקטאָר אין לאַגער, און איך האָב געמוזט אַרויסגיין מיט א לאָפּעטע צו דער אַרבעט. דער ערשטער אַרבעטס־טאָג איז דער שווערסטער. אונטער דער ברענענדיקער זון האָבן מיר געלאָדן פורן מיט זשוויר, און שעהן האָבן זיך געצויגן ווי יאָרן. אונדזערע שומרים האָבן אונדז רוען ניט געלאָזט, כסדר געהייסן זיך באַ־וועגן. די גוטמוטיקע אַלטע יעקעס פלעגן זאָגן, אַז זיי אַרט ניט צי מיר אַרבעטן אָדער ניט, נאָר באַוועגן דאַרף מען זיך, כדי די הערן זאָלן ניט ווערן בייז.

איך האָב ווידער געהאַט גליק. ניט לאַנג איז מיר אויסגעקומען צו פראַצעווען אין דער זשוויר־גרוב. איך בין געוואָרן באַשטימט פאַר איינעם פון די דריי לאַגער־דאָקטוירים. אין א גרויסן ברעזענט־צעלט האָבן מיר געעפנט אונדזער לאַגער־שפּיטאָל. אליין האָבן מיר געמוזט היילן און באַ־דינען, אליין די דילן געוואַשן, עסן געטיילט, די מתים געטראָגן, און אַלע אַנדערע אַרבעטן געמאַכט. פאַר דער אַמבולאַטאָריע איז קיין פּלאַץ אין

דעם צעלט ניט געווען. און די אמבולאַטאָרישע קראַנקע האָבן מיר אויפ־געגומען אין דרויסן ביים צעלט. יידן האָבן אָנגעהויבן שווער צו האָרעווען און מער צו קרענקען.

אונדזער לאַגע און באַשטימונג האָט זיך מיט דער צייט אָנגעהויבן אויפצוקלערן.

אין דער דאָזיקער געגנט האָבן פאַרשידענע מיליטערישע בוי־פירמעס געבויט ריזיקע אונטערערדישע פאַבריקן פאַר וויכטיקע מיליטערישע צוועקן, וועלכע האָבן געדאַרפט פאַרטיק ווערן אין דער קירצסטער צייט. די יידן זיינען דאָ, ווי אומעטום, געשטאַנען אין רשות פון ס.ס. די עליטע־באַנדיטן פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי זיינען געווען אונדזערע איינציקע באַלעבאַטים און אונדז פאַרקויפט אלס קנעכט צו פאַרשידענע בוי־פירמעס, בכדי ביז צום לעצטן טראָפּן אויסצונוצן דאָס ביסל בענזין, וואָס איז נאָך געבליבן אין יידישע מוסקולן. ס.ס. האָט געזאָרגט פאַר אונדזער באַוואַכונג, און די בוי־פירמעס האָבן געמוזט אונדז איינקוואַרטירן, געבן עסן, היילן, און צאָלן פּראָ קאָפּ לויט א פּאָרויסגעזעענעם טאַריף. אָפּט פלעגן אויסברעכן קאָנפליקטן צווישן די בוי־פירמעס און ס.ס., ווייל יעדער פון זיי האָט געזוכט וואָס בעסער אויסצונוצן די אומזיסטע שקלאַפן פאַר די אייגענע אינטערעסן.

שוין באלד א מאָנאַט ווי מיר זיצן דאָ אין לאַגער. דאָס עסן ווערט וויניקער און ערגער פון טאָג. די הויפּט־מאָלצייט איז א שיטערע זופּ פון קרויט אָדער קרוטשקע, וועלכע פילט אָן דעם מאָגן און גיט ניט קיין קרעפטן. דער ערשטער טויט־פאַל אין לאגער האָט ארויסגערופן א צערודערונג. עס זיינען אָבער פאַרביי א פּאָר מאָנאַטן, און ס׳איז ניט אוועק א טאָג אָן מתים. אלע גייען ארויס צו דער ארבעט, נאָר וויניקע בלייבן צו באַדינען דעם לאַגער: א שוסטער, א שניידער, א פאַריקמאַכער, א פּאָר קוכערס, בלאָק־עלטסטע, דאָקטוירים און קראַנקע.

מיטן לאַגער פירט אָן א קאָמענדאַנט מיט צוויי געהילפן. איינער פון די געהילפן איז א קאָוונער דייטש, וואָס איז זיין גאַנצן לעבן געווען א פור־מאַן ביי א יידישן פאַבריקאַנט. דאָ איז דער געוועזענער פורמאַן געוואָרן דער האַר און דעה־זאָגער איבער 2 טויזנט יידן. ער האָט געזוכט זיינע אמאָליקע באַלעבאַטים, כדי אָפּצורעכענען זיך מיט זיי. די באַלעבאַטים האָט ער ניט געפונען, נאָר א דאָקטאָר, וואָס האָט זיין פרוי באַהאַנדלט,

א פּאָר יידן, וואָס האָבן אים טובות געטאָן — האָט ער יאָ געפונען און זיך ניט געקענט באַפרייען פון סענטימענטן צו זיי. אז די בעסטיע פלעגט אין אים אויפוואַכן, האָט ער געממיתט אָן א פאַרוואָס, ביז דער ייד פלעגט בלייבן ליגן אונטער זיינע הענט. טיילמאָל, אז קיינער האָט ניט געזען, פלעגט ער זיך אריינגנבענען צו אונדז, אין שפּיטאָל, און אראָפּריידן זיך פון האַרצן. ער פלעגט דערמאָנען די שיינע צייטן פון קאָוונע, ווען ער איז נאָך געזעסן אויף דער קעלניע, ריידן פון פּאָליטיק, זידלען זיינע חברים און פאַרגעזעצטע און לויבן די סאָוועטישע אַרמיי. לויט זיין באַ־ציאונג צו אונדז, זיינע געשפּרעכן און זיינע שטימונגען, האָבן מיר באלד געוווסט, ווי עס האלט אויף די פראָנטן. אויב ער פלעגט זיך נעמען מיט אונדז פריינדלען, ריידן מיט אונדז ווי מיט גלייכע, וועגן פּאָליטיק און די מלחמה־אויסזיכטן, האָבן מיר געוווסט, אז מיט די דייטשן איז שלעכט, און אויף די פראָנטן גייט עס מיט די פוטער אַראָפּ. ער האָט זיך געהאַלטן פאר א גרויסן פּאָליטיקער, און ניט געקאָנט פארשטיין, פארוואָס די קורצע וואָנצע און די לאנגע מאַכן ניט צווישן זיך קיין שלום.

דער צווייטער געהילף פון קאָמענדאנט איז שוין געווען א טיפּיש דרעסירטער הונט, וואָס פלעגט כסדר בילן און שרייען. מיר האָבן קיינמאָל ניט געוווסט וואָס ער וויל, און אָפּט האָט ער אליין ניט געוווסט פאַרוואָס ער שרייט און זידלט. די דייטשן, וואָס זיינען ספּעציעל דרעסירט געוואָרן פאר דער ארבעט אין די קאָנצענטראציע־לאַגערן, זיינען שוין פון פאָרויס געווען איינגעשטעלט צו א באַפעלערישן טאָן. דורך זייער פּראָפּעסיע האָבן זיי פארגעסן צו ריידן ווי עס רעדט א מענטש צו א מענטשן, נאָר כסדר געברילט און געשריען.

דער קאָמענדאנט פון לאַגער, א פויער פון סאַאַר־געביט, האָט געוואָלט שפּילן די ראָל פון א באַלעבאָס, און האָט כלומרשט שטאַרק געזאָרגט וועגן דער באַלעבאַטישקייט פון זיין לאַגער. אז ער פלעגט דורכגיין דורכן לאַ־גער, האָט ער זיך געפילט ווי א גוט־באַזיצער, וואָס שפּאַצירט דורך זיינע גערעאָטענע פעלדער. אפילו פון מעדיצין, האָט ער געהאַלטן, פארשטייט ער מער פון יידישע דאָקטוירים, און אַלע קראַנקע, וואָס זיינען דורך אונדז באַפרייט געוואָרן פון דער אַרבעט, פלעגן מוזן דורכגיין זיין קאָנטראָל. ער איז געווען דער פּוסק אחרון, ווער איז באמת קראַנק און מוז פריי זיין, און ווער ניט. ווי א פּראָפעסאָר און א גרויסער מבין פלעגט ער זיך אוועק־שטעלן באַקוקן די קראַנקע און זייערע ווונדן, אלעמאָל מיטן זעלבן נוסח

אונדז גוט אויסזידלען, דערפאַר וואָס מיר זיינען צו ברייטהאַרציק — און פסלען מער ווי העלפט כון אונדזערע באַפרייאונגען.

דער דייטשער סאַניטאַר, וואָס פלעגט אַראָפּקומען פון צייט צו צייט אין אונדזער לאַגער, רעווידירן די אָרדענונג און זויבערקייט אין שפּיטאָל, איז געווען אַן איינגעבאָרענער דעגענעראַט און סאַדיסט; ער פלעגט מיט די שטיוול האַקן די קראַנקע איבער די קעפּ און אונדז שילטן מיט אויס־געזוכטע קללות. מיר האָבן ביי אים אנדערש ניט געהייסן, ווי „קנאָכן־ברעכער", „גיפט־מישער", אָבער קיינמאָל ניט דאָקטוירים. קראַנקע מיט טעמפּעראַטור ווייניקער ווי 39° האָבן פאַר אים ניט עקסיסטירט, און ער פלעגט באַפעלן זיי תיכף ארויסצוואַרפן פון שפּיטאָל. דער טאָג פון זיין אָנ־קומען אין לאגער איז געווען פאר אונדז א שווארצער טאָג. מיר האָבן קיינמאָל ניט פאָרויסגעזען די סיורפּריזן, וואָס דער דעגענעראַט האָט פאַר אונדז צוגעגרייט.

דער הימל אין לאגער האָט זיך באהאלטן הינטער בלייענע הארבסטיקע כמאַרעס. די שווערע ארבעט און הונגער האָבן חרוב געמאַכט דעם גוף און געבראָכן דעם גייסט. מיט יעדן טאָג ווערט דער מענטש אַלץ שוואכער און אויסגעדארטער; וואָס מער ער ארבעט, אלץ שנעלער שעפּן זיך אויס זיינע כוחות און אַלץ נעענטער רוקט ער זיך צום גרוב. אז דער מענטש פלעגט קומען פון דער ארבעט טויט־מיד און הונגעריק צו זיך אין פינצ־טערן באראק, איז קיין כוח ניט געווען די שיך אראָפּצוווארפן און די הויזן אויסצוטאָן. ער פלעגט זיך א וואלגער טאָן מיט די זאכן אויף די האַרטע ברעטער, ווען איינשלאָפן און ניט קענען. די לייז האָבן ניט געלאָזט. ער האָט צעריסן די הויט אויף זיך, זיך געשליידערט פון איין זייט אויף דער צווייטער, און רוען ניט געקענט.

יעדער האָט געליטן פון א שוואַכער אורין־בלאָז און א גאנצע נאכט כסדר געמוזט לויפן אין דרויסן. 50 מענטשן ליגן צוזאמען, יעדער לויפט 5—6 מאָל א נאַכט, און אין באַראַק איז אַן אומאויפהערלעכע באַוועגונג. טאָ־מער האָבן זיך די לייז בארויקט, האָט דער כסדרדיקער הין־און־הער לויפן שלאָפן ניט געלאָזט. דאָס ניט דערשלאָפן האָט אויסגעשעפּט די לעצטע רע־זערוו־כוחות — און דער מענטש איז צעשמאָלצן, ווי א שניי־מענטש אונטער דער זון. דעם יידן, וועלכן מיר האָבן א פּאָר וואָכן ניט געזען, איז שוין שווער געווען צו דערקענען: ער איז געווען געשוואָלן פון הונגער, אָדער

אויסגעדאַרט ווי א סקעלעט. יידן גבורים, געוועזענע טרעגערס און האָרע־פאַשניקעס, האָבן קיין כוח ניט געהאַט די פיס צו הויבן. שוואַכערע, אינ־טעליגענטן, זיינען צעקוועטשט געוואָרן ווי פליגן, אונטערן פרעס פון שווע־רער ארבעט.

די ערשטע מאָנאַטן איז די אינערלעכע פארוואלטונג פון לאגער גע־לעגן אין די הענט פון יידישע יונגעלייט. דאַן איז אראָפּגעקומען צו אונדז א גרופּע אַרישע קרימינעלע פאַרברעכער, וועלכע זיינען געוואָרן די הויפּט־דעה־זאָגער און האָבן פארנומען אַלע פירנדיקע פּאָסטנס. זיי האָבן גע־דאַרפט ארייַנברענגען דיסציפּלין אין לאַגער, טיילן דאָס עסן, טרייבן צו דער אַרבעט און צום אַפּעל, און פארוואלטן מיט אַלע אינערלעכע ענינים.

יעדער איינער פון די ריינע אריער האָט הינטער זיך געהאַט לאנגע יאָרן קאָנצענטראציע־לאגער. איינער איז געזעסן פאר גניבות, דער צוויי־טער פאַר האָמאָ־סעקסואליזם. דער דריטער האָט דערהרגעט זיין געליבטע. אלע זיינען זיי געווען איינגעבאָרענע גרויסשטאָט־פארברעכער, מיט דעגע־נערירטע פנימער און גזלנישע אויגן. כאָטש די זעלבע אַרעסטאַנטן ווי מיר, זיינען זיי דאָך געווען בעסער געקליידט און זיך אַלעמאָל געהאַלטן באַזונדער, ווי א העכערע קאַסטע. זיי האָבן אויף קיין איין מינוט ניט פאר־געסן, אז זיי זיינען אַריער, און מיר — יידן. און זיך חברן מיט יידן, אפילו אין לאַגער, איז געווען קעגן די אַרישע געזעצן.

מיט אונדז, דאָקטוירים, האָט זיי יאָ געפּאסט צו שמועסן. זיי פלעגן זיך אָפּט ארייַנכאַפּן אין שפּיטאָל און נעמען דערציילן פון זייערע אַוואַנטיו־רעס און פארברעכנס. זיי האָבן ניט באדויערט, נאָר בארימט זיך מיט זייער רייכער קרימינעלער פאַרגאַנגענהייט. כמעט אלע, זיינען זיי אלס קינדער שוין געזעסן אין אלערליי טורמעס, און שטאָלץ געווען מיט זייער לאנגן טורמע־סטאַזש.

נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט זיינען זיי עולה לגדולה געוואָרן. מען האָט זיי ארויסגענומען פון די טורמעס און צעזייט אין אלע קאָנצענ־טראציע־לאגערן. דער נאַצי־רעזשים האָט גוט פארשטאנען אויסצונוצן זייער פאַרברעכערישע דערפאַרונג, בכדי מיט זייער הילף צו פאַרפייניקן פּאָליטישע קעגנער.

אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, גלייך אין אָנפאַנג, איז אַנטשטאַנען א שווערער קאַמף צווישן קרימינעלע און פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, און די

ס.ס.־פּאַרוואַלטונג פון יעדן לאַגער איז אלעמאָל געווען אויפן זייט פון די קרימינעלע פאַרברעכער. פּאָליטיש איז דער קרימינעלער נישט בלויז ניט געווען געפערלעך, נאָר פאַרקערט, ער האָט נאָך געהאָלפן און געבראַכט פיל נוצן דעם גאַנצן לאַגער־סיסטעם. עס זיינען אָבער געווען לאַגערן, ווו פּאָליטישע אַרעסטירטע האָבן געהאַט די אויבער־האַנט. דאָרט פלעגט א קרימינעלער פאַרברעכער זיך שלעכט פילן, ווייל ער האָט זיך געמוזט אויפפירן ווי א מענטש און האָט זיך ניט געקאָנט אויסלעבן אין זיין ווילד־קייט. איינער פון די לאַגערן ווו א לאַנגער קאַמף צווישן קרימינעלע און פּאָליטישע האָט זיך געענדיקט מיט א פולן זיג פון די פּאָליטישע, איז געווען דער קאָנצ.־לאַגער דאַכאַו.

צו אונדז אין שפּיטאָל איז איינמאָל אריין א פרעמדער העפטלינג, אין געשטרייפטע בגדים, און דערציילט, אז ער קומט פון דאַכאַו דורכצופירן די רעגיסטראַציע פון די העפטלינגען אין אונדזער לאַגער. זיין אינטעליגענ־טער אויסזען, זיין רואיקייט און באנעמונג האָט אונדז גלייך טיף באאיינ־דרוקט. ער איז געווען א טשעכישער גייסטלעכער, וועלכער איז שוין איניקע יאָר געזעסן פאַרשפּאַרט אין דאַכאַו און געאַרבעט אין דער דאָר־טיקער שרייב־שטוב. ער האָט אונדז דערציילט פּרטים פון די אלע יידישע לאַגערן וואָס ער האָט זיי באזוכט אין דער געגנט, און וואָס זיי אלע זיינען נאָר אָפּצווייגונגען פון גרויסן דאַכאַוער לאַגער. פון אים האָבן מיר זיך דערוווסט, אז אין דאַכאַו־צענטער זיינען קיין יידן ניטאָ; אז זיי, די אַריער, לעבן אין בעסערע באַדינגונגען ווי מיר, אָבער ליידן אויך גענוג; ער האָט אונדז געטרייסט און באַרואיקט, אז דער קריג ענדיקט זיך באַלד; קיין מאַסן־מאָרדן וועלן שוין מער ניט פאָרקומען; נאָך די גרויסע פראָנט־מפּלות איז די באַציאונג פון די דייטשן א בעסערע, און מיר, די געבליבענע יידן, האָבן אַלע שאַנסן צו דערלעבן די פרייהייט. ער האָט אונדז באַרואיקט, ווי א גייסטלעכער א גוססן קראַנקן.

נאָך זיין באזוך איז יעדער פון אונדז געוואָרן רעגיסטרירט אין דער דאַכאַוער רשימה און האָט באַקומען זיין נומער. מיין דאַכאַו־נומער 85733, האָב איך שוין בעסער געדענקט ווי מיין אייגענעם נאָמען. ניטאָ מער קיין נעמען אין לאַגער, נאָר נומערירטע ראָבאָטן. נומער דער־און־דער גייט אויף דער אַרבעט, נומער דער־און־דער קריגט שמיץ, נומער דער־און־דער איז קראַנק, און נומער דער־און־דער איז געשטאָרבן. אונדזער קאָמענדאַנט

האָט דוקא געוואָלט, אז די נומערן זאָלן זיין געשריבן אויף קליינע ברע־טעלעך און אָנגעהאנגען אויפן ברוסט.

אָפט פלעגן קומען קאָמיסיעס פון גאָר הויכע שררות פון דאַכאַו צו רעווידירן דעם לאַגער. מיטן גאַנצן ערנסט, כאילו מען מיינט בלויז אונדזער טובה, באַקוקן זיי דעם שפּיטאָל, די קיך און די אנדערע באַראַקן, פאַרזוכן דאָס עסן, וואָס יידן באקומען, בלייבן צופרידן, זאָגן קאָמפּלימענטן דעם קאָ־מענדאַנט און פאָרן אוועק. דעם טאָג, ווען א קאָמיסיע האָט באַדאַרפט קו־מען, איז די זופּ אין קיך געווען זעטיק. מען פלעגט געפינען אין שיסעלע א בולבע, א גרויפּ, און אמאָל א שטיקל פלייש אויך. דערפאַר זיינען יידן געווען צופרידן מיט די קאָמיסיעס, כאָטש קיין גוטס פון זיי האָט מען קיינ־מאָל ניט דערוואַרט.

די אָפּטע הארבסטיקע רעגנס האָבן צעווייקט דעם וואַלדיקן גרונד דער גאַנצער לאַגער איז געוואָרן איין טיפע בלאָטע. מען טאָפּטשעט אין זומפּ ביז די קני, די שיך זיינען נאַס, צעריסן און מענטשן האָבן קיין כוח ניט ארויסצושלעפּן די פיס פון דער טייגיקער בלאָטע.

האַלב פינף אין דער פרי, ווען עס האָט זיך דערהערט א פייף, פלעגט א ווילדער געשריי „אַפּעל!״ דורכשניידן די לאגער־שטילקייט. יידן צע־בראָכענע און ניט דערשלאָפענע, מיט האלב פארמאכטע אויגן און געבויגע־נע קני, פלעגן ווי קראָטן ארויסקריכן פון אונטער דער ערד און לויפן צום אַפּעל־פּלאַץ. די צאָל, וואָס איז געשטאַנען אויפן פּלאַץ, פלוס די צאָל קראנ־קע און טויטע פאר דעם טאָג, האָט אויסגעמאַכט די אלגעמיינע צאָל פון לאַגער.

כאָטש דער אַפּעל איז געווען בלויז א ציילונג פון די אַרעסטאַנטן, האָט ער געהאַט אין זיך עפּעס מיסטישעס. דער אַפּעל איז געווען די מאָרגן־און אָוונט־תפילה פון קאַצעט. ווען דער קאָמענדאנט פלעגט זיך באווייזן אויפן פּלאַץ און די קאָמאנדע „שטיל געשטאַנען״ און „מיצן אָפּ״ האָט גע־הילכט אין דער לופטן, זיינען טויזנטער געשטאַנען ווי צוזאמענגעקאָוועטע אין טויטער שטילקייט. אין די גרויע הארבסטיקע פרימאָרגנס האָט די טויט־שטומע מאסע אויסגעזען ווי איין צוזאמענגעגאָסענער קראנקער גוף, פארגליווערט אין ליידן. ביי דער שטומער אַפּעל־תפילה אונטערן פרייען הימל, האָבן מיר זיך געפילט פארבונדן מיט די טויזנטער געפייניקטע און

צום טויט־פּאַרפּייניקטע אין אַלע קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון אייראָפּע. אין די זעלבע פרימאָרגן־שעהן, אויף צענדליקער אנדערע אַפּעל־פּלעצער, האָבן הונדערטער און טויזנטער אין שטומען שווייגן געטרוימט פון פריי־הייט, און מיט פאַרביסענע ליפּן געכאָליעט אין זיך דאָס געפיל פון נקמה.

דער אַפּעל איז געווען דער חוט השדרה פון גאַנצן לאַגער־לעבן. ניט דער זייגער, נאָר דער אַפּעל איז געווען דער אָנווייזער פון צייט. אין לאַ־גער איז ניט געווען קיין שעה, נאָר די צייט פאַרן אַפּעל, ביים אַפּעל אָדער נאָכן אַפּעל. דער אַפּעל האָט כסדר געהעצט און כסדר געיאָגט. ס'איז ניט געווען קיין צייט זיך אָנצוטאָן, אויסצוזופּן דאָס ביסל שוואַרצע קאַווע, אָפּעסן די שיטערע זופּ, גיין אויף באַדערפעניש, ווייל אומדערוואַרט האָט גע־פייפט, און שוין מוזטו לויפן צום אַפּעל. די מורא פאַרן פאַרשפּעטיקן צום אַפּעל איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען פלעגט פאַרגעדיקן אָנטאָן זיך אויפן וועג צום אַפּעל, כאַפּן דעם לעצטן זופּ פון שיסעלע אין די רייען פון אַפּעל.

אַז איינער האָט קיין כוח ניט געהאַט פון זיין נאָרע ארויסצוקריכן, אָדער א טויטער איז געווען אריינגערעכנט אין די לעבעדיקע, א קראַנקער צווישן די געזונטע, און דער חשבון פון אַפּעל האָט ניט געשטימט, פלעגן די פאָר טויזנט מענטשן שטיין שעהן אריינגעשטעקט אין דער טיפער בלאָ־טע, אין רעגן און אין קעלט, ביז דער טעות איז אויפגעקלערט געוואָרן. פון דעם מאָרגן־אַפּעל איז מען ארויס צו דער ארבעט, און פון דער ארבעט איז מען ווידער געקומען צום אַפּעל.

כמעט 18 שעה זיינען די מענטשן געשטאַנען אויף שוואַכע געשוואָלענע פיס. אין לאַגער איז ניט געווען ווו צו זיצן — אָדער שטיין, אָדער ליגן. ביים אַפּעל איז מען געשטאַנען, אויף דער אַרבעט געשטאַנען, אין ריי ביים קיך — שעהן־לאַנג געשטאַנען. ניט אומזיסט איז דער עמפּפינדלעכס־טער אָרגאַן, וואָס האָט אממייסטן געקרענקט און אממייסטן געליטן, געווען די פיס. די געשוואָלענע פיס מיט די אָנגעריבענע ווונדן, אין די הילצערנע קלומפּעס, האָבן זיך באַוועגט אומגעלומפּערט און אומזיכער, ווי אויף א גליטשיקן וועג.

צוליב די פיס האָט דער קאַצעט־מענטש באַקומען א ספּעציפישע האַל־טונג און גאַנג. עס האָט אויסגעזען ווי דער מענטש וואָלט באַשטיין פון צוויי ניט־קאָאָרדינירטע קערפּער־טיילן. דער אויבער־קערפּער באַזונדער, און

די פיס באַזונדער. דער גרעסטער פּראָצענט פון די קראַנקע אין אמבולאַ־טאָריע און אין שפּיטאָל זיינען געווען די פוס־קראַנקע. קיין איין אבער האָט ניט פאַרשאַפט אזויפיל יסורים און ניט געווען אזוי אָפט די סיבה פון טויט, ווי די פיס. די ערשטע, וואָס זיינען געשוואָלן געוואָרן, זיינען געווען די פיס. די אָנגעריבענע ווונדן אויף די געשוואָלענע פיס האָבן מאָנאטן־לאנג גע־אייטערט און ניט געוואָלט זיך היילן. יעדע שטיקל קאָדער וואָס א ייד פלעגט געפינען האָט ער באַנוצט פאַר די פיס. אָפט האָט ער צעריסן זיין איינ־ציקע העמד, כדי צו פאַרוויקלען די פיס. ארומבינדן דעם אָנגעריבענעם אָדער פאַרפראָרענעם פינגער, ווייכער אויסבעטן די הילצערנע קלומפּע — איז געווען איינע פון די הויפּט־זאָרגן אין לאגער. אז א ייד האָט פאַרמאָגט א פּאָר גאַנצע שיך און א שטיק זאָק די פיס צו פאַרוויקלען איז ער געווען דער גליקלעכסטער און רייכסטער אין לאגער. די שיך האָט מען געהיט ווי קינדער. ביינאַכט האָט מען זיי געהאַלטן צוקאָפּנס...

מיינע שיך זיינען שוין לאנג צעריסן און צעווייקט פון טיפער בלאָטע, און מיט גרויס מי האָב איך מיר פאַרשאַפט א פּאָר הילצערנע פּאַנטאָפל. אויף אונדזער לשון האָבן אזעלכע האָלץ־שיך געהייסן „קאַטשקעס״, ווייל דער שפּיץ פון שוך איז געווען ענלעך אויף אן עק פון א קאַטשקע. די ערשטע טעג האָב איך זיך שרעקלעך געפּייניקט, מיט די באָרוועסע פיס אין האַרטן הילצערנעם מולטער, האָב איך זיך באַוועגט פון איין אָרט אויפן צווייטן ווי א קאַליקע.

מיר האָט אָפּגעגליקט: איך בין איינמאָל אַוועק אין אַן אַנדער לאַגער נאָך רפואות פאַרן שפּיטאָל. דאָרט זיינען געווען א פּאָר צענדליק פרויען פון ליטע, און איינע פון זיי, א געוועזענע פּאַציענטקע מיינע, האָט מיר דערקענט. ווען זי האָט מיך געפרעגט, צי איך נויטיק זיך אין עפּעס, ווייל זי וויל מיר העלפן, האָב איך איר געבעטן, זי זאָל מיר באַזאָרגן עפּעס א שמאַטע — איך זאָל קענען מיינע פיס ארומוויקלען. זי האָט מיר גע־בראַכט א גאַנצן אוצר: צוויי אַרבל פון א העמד. איך האָב פון די אַרבל גלייך איבערגעמאַכט א פּאָר עלעגאַנטע זאָקן און געהאַט א געפיל פון העכסטן גליק. עס איז מיר געווען ווייך און וואַרעם אין די פיס, און דאָס האָלץ האָט אויפגעהערט צו שייערן די נאַקעטע פינגער. ווען איך בין גע־קומען צוריק צו זיך אין לאַגער, האָב איך זיך געשעמט ווי א קליין קינד, מיינע פיס זיינען שוין געווען גוט פאַרזאָרגט, אָבער מיינע חברים זיינען נאָך אלץ ארומגעגאַנגען ווי די בעטלער...

אונדזער לאַגער־שפּיטאָל איז אריבער פון דער ברעזענט־פּאַלאַטקע אין א הילצערנעם באַראַק. אין דעם באַראַק האָבן מיר, דאָקטוירים, געהאַט א קליין צימערל פאַר זיך. דאָס צימערל איז געוואָרן דער פּאָליטישער און קולטורעלער צענטער פון לאַגער. אז א ייד פלעגט ברענגען אַמאָל א צייטונג בגניבה, פלעגט ער זי אריינטראָגן צו אונדז, מיר פלעגן זיך פאַרשליסן מיט דער צייטונג, און ווי ווילדע זיך ארויפוואַרפן אויף די ידיעות פון פראָנט. איבערגעלייענט די צייטונג, האָבן מיר ניט געקענט איינשלאָפן. יעדער פון אונדז האָט קאָמענטירט, פאַנטאַזירט און א שיין ביסל איבער־געטריבן. די דייטשע צייטונגען זיינען שוין פול געווען מיט זייערע מפּלות, און עס האָט זיך שטאַרק געוואָלט דערלעבן די לעצטע מפּלה. אז א ייד פלעגט זיך ערגעץ דערוויסן עפּעס פּיקאַנטעס, פלעגט ער זיך אריינכאַפּן צו אונדז אין צימערל און בסוד־סודות דערציילן וואָס ער האָט געהערט, און אַמאָל — וואָס ער האָט ניט געהערט אויך.

די איינציקע פּריווילעגיע, וואָס מיר, דאָקטוירים, האָבן געהאַט — איז געווען א בעסערער ווינקל ווו די ביינער אויסצוציען. אויך דאָס האָבן מיר באקומען נאָר דערפאַר, ווייל מיר האָבן טאָג און נאַכט געדאַרפט זיין אין שפּיטאָל. אין אלע אנדערע הינזיכטן זיינען מיר געווען גלייך מיט אלעמען. מיר האָבן געהונגערט גלייך מיט אלעמען, געגאַנגען באָרוועס און צעקאָ־דערט גלייך מיט אַלעמען, — דעריבער האָבן די מענטשן געהאַט צוטרוי צו אונדז. זיי האָבן זיך געטוליעט צום שפּיטאָל, געזוכט ביי אונדז טרייסט און הילף. געוועזענע קינסטלער, לערער און אקאדעמיקער האָבן גאנצע טעג געהאָרעוועט ביי גראָבן גריבער און לאָדן צעמענט און אין די אָוונטן האָבן זיי געפּונען געציילטע מינוטן זיך אָנצוווארעמען אין א גייסטיקער סביבה ביי דעם קליינעם איווועלע פון אונדזער צימער. א געוועזענער ווינער פּראָ־פעסאָר פון קונסט־געשיכטע, פלעגט זיך אריינכאַפּן צו אונדז אין די אָוונטן, טויט־הונגעריק און פארלייזיקט, און שענקען אונדז א פאָרטראג איבער קונסט און מאָלעריי. די דייטשן האָבן באַמערקט, אז ביי אונדז אין צימער איז א צו גרויסע מענטשן־באוועגונג. זיי האָבן אונדז גוט אויסגעזידלט און געוואָרנט, אז אויב אונדזער צימער וועט ווייטער זיין א קלוב, וועלן מיר פליען פון שפּיטאָל. מיר זיינען געוואָרן פאָרזיכטיקער, אָבער די טירן צושליסן האָבן מיר שוין ניט געקענט. ס׳איז שוין געווען א צו איינגעצוי־גענער אָרט...

# מוסלמאַן

דער טויט איז געוואָרן א היימישער טאָג־טעגלעכער גאַסט אין לאגער. קיינער שרעקט זיך ניט פאר אים. מען רעדט ניט פון טויט און מען דערמאָנט ניט די געשטאָרבענע. די ווערטער „טויט“, „געשטאָרבן“ — פעלן אין ווערטער־בוך פונעם לאַגער. ווען איינער וויל זאָגן, אז דער־און־דער איז געשטאָרבן, זאָגט ער: דער האָט זיך אויסגעקערט, אָדער „איך מיין, אז איך וועל זיך באַלד אויסקערן“. דער קאַלטער האַרבסט, די שווערע אַרבעט, דער הונגער, שמוץ און לייז, האָבן אלץ שיטערער געמאַכט אונד־זערע רייען. יעדן טאָג — א צענדליק מתים און מער. צו שפּעט האָבן אָנגע־הויבן זאָרגן אונדזערע באַלעבאַטים פאַר וואַרעמערע צעלטן. מען האָט אראָפּגעריסן די זומערדיקע בודקעס און אויסגעגראָבן אונטערערדישע באַ־ראַקן, כדי כאָטש א ביסל צו שיצן די אומזיסטע שקלאַפן פון שטרענגען בייערישן ווינטער.

אין לאגער זיינען אָנגעקומען נייע מענטשן. טראַנספּאָרטן פון קאר־פּאַט־רוסישע, סלאָוואַקישע און אונגאַרישע יידן. זיי זיינען געקומען אויסצו־פילן די שיטערע רייען, און פאַרבייטן די טויטע אויף אלע ארבעטס־פּלעצער. צווישן די ניי־אָנגעקומענע יידן זיינען געווען א סך אינטעליגענטן, אויסגע־בלייכטע פרומע בחורים פון מונקאַטש און פון אַנדערע קאַרפּאַט־רוסישע שטעטלעך. זיי זיינען ניט געווינט געווען צו אזא שווערע האַרעוואַניע און אַזעלכע האַרטע באַדינגונגען, און זיינען נאָך שנעלער פון אונדזערע ליטווי־שע יידן צעריבן געוואָרן צווישן די רעדער פון אַרבעט און הונגער.

דער איבערגאַנג פון לעבן צום טויט איז געווען אזא בהדרגהדיקער, אז דער טויט פלעגט אָפט קומען אומבאַמערקט. אין א פּאָר וואָכן פלעגט א פולבלוטיקער, קרעפטיקער מאַן צעשמאָלצן ווערן ווי א חלבנע ליכט. צוערשט פלעגט ער אויפעסן זיין פעטס וואָס אונטער די הויט, נאָכ־דעם, פארצערן זיינע אייגענע מוסקולן, און נאָך שפּעטער פלעגט זיך דער

הונגער דערקלייבן צו די וויכטיקסטע אָרגאַנען פון מענטשלעכן קערפּער — צום לעבער, נירן און צום צאַרטעסטן אָרגאַן — דעם מוח.

אַז דער מענטש פלעגט דערגיין צו אַ געוויסער מדרגה פון אָפּמאַ־גערונג, האָט ער זיך שוין שנעל געקייקלט באַרג־אַראָפּ, און פלעגט אומ־באַמערקט ווערן אַ „מוסלמען“.

דער נאָמען „מוסלמען“ איז געווען אַ טעכנישער טערמין און ער שטאַמט פון פאַרניכטונגס־לאַגער אוישוויץ. אויב איינער איז געוואָרן אַ מוסלמען האָט דאָס באַדייט, אַז ער איז אויסגעמאָגערט און אויסגעשעפּט, אַז ער טויג שוין ניט פאַר קיין אַרבעט, ער עסט אומזיסט ברויט, — און דע־ריבער מוז ער גיין אין קרעמאַטאָריום. פאַר אַ מוסלמען איז אַמאָל גענוג געווען אַ פּאָר טעג שווערערע אַרבעט, אומדערוואַרטע קלעפּ, אַ שווערער דורכפאַל — און ניטאָ שוין דער מענטש.

דער מוסלמען איז געווען דער אַלגעמיינער קאַצעט־טיפּ, וואָס איז גע־ווען אין די צענדליקער טויזנטער אין אַלע קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון דייטשלאַנד. מען האָט אים דערקענט פון ווייטן לויט זיין פאַמעלעכן און אומזיכערן גאַנג, לויט זיינע אויסגעלאָשענע אויגן און טעמפּן בליק, לויט זיין גלייכגילטיקייט און טויטער רואיקייט. זיין גוף איז געווען פאַר־דאַרט און אויסגעטריקנט און נאָר אַ בלאַסע פּאַרמעט־הויט האָט פאַרדעקט זיינע שפּיציקעביינער. זיין פּנים האָט פאַרלאָרן דעם פּעט־שיכט, וואָס גיט צו יעדן מענטשן זיין אינדיווידועלן אויסזען. זיינע אויגן — צוויי טיפע גריבער, דעריבער איז איין מוסלמען געווען ענלעך צום אַנדערן, ווי איין סקעלעט איז ענלעך צו אַ צווייטן.

ניט בלויז קערפּערלעך, נאָר אויך גייסטיק — איז איין מוסלמען געווען ענלעך צום אַנדערן. עס איז ניט וויכטיק, — ווער ער איז געווען פריער, אַן אַרבעטער צי אַ סוחר, אַן אינזשינער צי אַ דאָקטאָר — דער הונגער האָט אויסגעטריקנט דעם מוח און דער אינטעלעקט האָט זיך אויסגעגלייכט. אינטעליגענטע, קלוגע און שאַרפזיניקע מענטשן זיינען געוואָרן טעמפּ און תמעוואַטע. מען האָט אויפגעהערט צו הערן, פאַרשטיין און נאָרמאַל רעאַ־גירן; אַז דו האָסט אים עפּעס געפרעגט, פלעגסטו באַקומען דעם ענטפער אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער. עס פלעגן דויערן מינוטן ביז ער האָט זיך דערמאָנט זיין נאָמען אָדער נומער. ער האָט אויפגעגעבן יעדן קאַמף מיט דער ארומיקער פיינדלעכער וועלט. ער האָט זיך באַוועגט לאַנגזאַם, גע־טראַכט לאַנגזאַם, און רעאַגירט לאַנגזאַם, ווייל דער הונגער האָט צעשטערט

זיין גאַנצן נערוון־אַפּאַראַט און צעריסן די טעלעפאָנישע פאַרבינדונגען צווישן איין אָרגאַן און דעם צווייטן.

ווי שווער איז געווען צו זען דעם און יענעם באַקאַנטן אין אַן ענלעכן צושטאַנד, פאַרגלייכנדיק אים מיט דעם קלוגן, אינטעליגענטן און לעבנס־לוסטיקן מענטשן פון אַמאָל.

מעדיציניש באטראכט, איז דער צושטאַנד פון מוסלמען געווען א צו־שטאַנד פון א דויערנדיקער אגאָניע. אלע אָרגאַנען זיינען טיף און אומ־היילבאר צעשטערט. דער פּולס שטאַרק פארשנעלערט און דין, זיין קער־פּער־טעמפּעראַטור מיט א גאנצן גראַד נידעריקער ווי נאָרמאל. ער האָט שטיל געצאַנקט און פאַרברענט די לעצטע ברעקלעך פון זיין קערפּער־סובסטאַנץ.

אין משך פון אונדזער ביטערער דערפארונג האָבן מיר געלערנט און באַאָבאַכט א גאַנצע ריי סימנים, וואָס זיינען אָפט געווען זיכערע פאָרויס־זאָגער פון דעם מענטשנס באַלדיקן סוף:

אז א קראנקער פלעגט זיך שטעלן אויף זיין בעטל און אורינירן אויף זיין חבר, אָדער מאכן זיינע באדערפענישן אונטערן שטרוי פון זיין בעטל, איז געווען א סימן, אז זיינע טעג זיינען געציילטע. די טאָרמאָזן, וואָס האָבן אים אָפּגעטיילט פון א בהמה, אַרבעטן ניט מער, א סימן — ער קלייבט זיך אין וועג. אז עס פלעגט קומען פון דער ארבעט א ייד אין אמבולאטאָ־ריע אין א טיפּישער קערפּער־האַלטונג מיט א טיפּישן גענגל: דער קאָפּ פארריסן אויף הינטן און דער בויך ארויסגעשטעלט פון פאָרנט, האָבן מיר געוווסט — זיינע טעג זיינען געציילטע. דער „לאָרד״ האָט פארלאָרן די מוסקול־שפּאַנונג פון זיין חוט השדרה, א סימן — ער קלייבט זיך אין וועג... דער וואָס האָט זיך אויפגעהערט צו לויזן און קראצן, ווען הויפנס לייז האָבן געפרעסן זיין דארן גוף, א סימן — עס לוינט ניט מער, ער קלייבט זיך שטאַרבן. ווען א קראַנקער, וואָס איז געלעגן געשוואָלן פון הונגער, מיט אן אָנגעגאָסענעם פּנים און צוויי דיקע קלעצער־פיס, פלעגט דורך נאַכט אויסרינען און אָפּשוועלן, און נאָר צוויי קליינע בייטעלעך פלעגן בלייבן הענגען אונטער זיינע אויגן — א סימן, אז דער טויט איז נאָענט: צעשטערט אלע קראַנען, אָפּן דער נירן־פילטער, און צוזאמען מיט דער שוועלונג וועט באלד אויסרינען אויך דאָס לעבן. די טויט־קאנדידאטן האָבן מיר אָפט דערקענט לויט א טיפּישן גלאַנץ אין זייערע אויגן. די אויגן פלעגן זיך ארויסרוקן פון די טיפע אויגן־לעכער און גלאַנצן מיט א קאלטן גלאנץ פון

געשליפענעם שטאָל. דער ספּעציפישער גלאַנץ, וואָס האָט געשטאָכן ווי שפּיזן, איז געווען דער לעצטער שאַרפער בליק פאַרן שליסן די אויגן.

שטאַרבן פלעגט דער לאַגער־מענטש אויף פאַרשידענע וועגן: אַמאָל איז ער אָן מאַטעריעל געפאַלן ביי דער אַרבעט — און מער ניט אויפגעשטאַנען. און אָט זיצט ער ביי זיך אין באַראַק, טרינקט זיין שוואַרצע קאַווע, דאָס שיסעלע פאַלט אים ארויס פון די הענט, דער קאָפּ פאַלט אראָפּ אויפן ברוסט — און א סוף. טיילמאָל פלעגט ער שלאָפנדיק א דריי טאָן זיך אויף אַן אַנדער זייט — און ניטאָ מער קיין מענטש. דאָס לעבן איז געהאַנגען אין דעם אויסגעמאטערטן גוף אויף א זייער צאַרטן פאָדעם. דער פּאָדעם פלעגט זיך אָפּרייסן אומעטום: אויף דער ארבעט, ביים עסן און אין שלאָף. ניט אלעמאָל איז אָבער דער טויט געקומען אין שטעק־שיך, קוים וואָס מען האָט אים געהערט. אָפט פלעגן זיך מענטשן ראנגלען טעג אין קאָנווולסיעס און אין גרויזאַמע ליידן, ביז דער טויט איז שוין געקומען ווי א דערלייזער.

די צאָל העפטלינגען, וואָס האָבן געמוזט באַפרייט ווערן פון דער ארבעט איז געוואקסן פון טאָג. די הונדערטער קראַנקע, אינוואלידן און האלב־טויטע האָבן קיין כוח ניט געהאַט אויף די פיס צו שטיין. די באָז אָפּווישן, וואשן זיך, די בגדים אויסטאָן — אלץ איז פאַר זיי געווען א שווערע פיזישע ארבעט. שוין אָפּגערעדט פון אנדערע ארבעטן. אונדזער לאגער איז אָבער געווען אַן ארבעטס־לאגער. ארבעטס־פירמעס האָבן געצאָלט פּראָ קאָפּ און געגעבן עסן — אַרבעטער, אָבער ניט קיין קראַנקע. פרעגט זיך — וואָס טוט מען? ווי אזוי מאַכט מען, אז יידן זאָלן אי אַרבעטן אי אויס־שטאַרבן? דעם ענטפער האָט געגעבן א באַנדיט, א קינדער־דאָקטאָר אין א ס.ס.־אוניפאָרם.

איין טאָג איז צוגעפאָרן צום שפּיטאָל א הויכער ס.ס.־אָפיצער אויף א מאָטאָר־ראָד און באפוילן ארויסרופן די דאָקטוירים. מיר האָבן זיך אלע דריי אויסגעצויגן אין פראָנט, און דער עלטערער פון אונדז האָט ראַפּאָרטירט לויט דעם פאָרויסגעשריבענעם נוסח. אין שפּיטאָל ליגן אזוי פיל און אזוי פיל קראַנקע, אזוי פיל האָבן זיך אויסגעשריבן, אזוי פיל געשטאָרבן, און אזוי איז אַלץ אין אָרדענונג.

מיט א הויכער ברילנדיקער שטימע און באַפעלערישן טאָן האָט ער יעדן פון אונדז געפרעגט, וואָס איז אונדזער ספּעציאליטעט, און אליין זיך

פאַרגעשטעלט, אז ער איז א קינדער־ספּעציאַליסט אין ציוויל־לעבן און איצט — דער דאָקטאָר פון אַלע יידישע לאַגערן אין דער געגנד. ער האָט געמאָלדן אויף מאָרגן א באַזוך אין שפּיטאָל — ער וויל זען דעם שפּיטאָל, באַקוקן די קראַנקע, און ער פאָדערט, אז אַלץ זאָל פּינקטלעך קלאַפּן.

זיין גאַנצער אויסזען, זיין טאָן און האַלטונג האָבן קיין גוטס ניט צוגע־זאָגט. ער איז געווען הויך און ברייט, ווי א געכאָליעטער ראַסן־פערד; זיין שיינער פּנים און די רונדע היפטן האָבן געהאַט אין זיך עפּעס פּרוואַי־שעס. ריידנדיק מיט אונדז האָט ער געהאַלטן דעם קאָפּ פאַרריסן צום הימל און זשעסטיקולירט מיט א שטעקל אין האַנט, כדי צו אונטערשטרייכן ווי נידעריק און נישטיק מיר, יידן, זיינען און ווי ריינראַסיק, בעסער און העכער ער איז.

אויף מאָרגן איז ער געקומען מיט זיינעם א געהילף. אריינגייענדיק אין שפּיטאָל האָט ער באַלד באַפוילן, אז אלע קראַנקע זאָלן זיך אויסטאָן מוטער־נאַקעט און פאַרביימאַרשירן פאַרביי אים. דעם שרייבער האָט ער אָנגעזאָגט, אז ווען ער וועט געבן א קלאַפּ מיט זיין שטעקל, זאָל ער פאַר־שרייבן דעם, וואָס איז פאַרביי. אַלע קראַנקע אָן אונטערשיד, שוואַכע און האַלב־טויטע, מיט הויכן פיבער און ריזיקע וואונדן, האָבן געמוזט פאַרבייגיין אָדער פאַרבייהינקען דעם דאָקטאָר, און ער האָט געקלאַפּט מיט זיין שטעקל. שטאַרק אָפּגעמאַגערט — א קלאַפּ, אָן אָפּגעפראָרענע פוס — א קלאַפּ, א צו גרויסע וווּנד — אַ קלאַפּ, א.א.וו.

מער ווי העלפט שפּיטאָל־קראַנקע האָט ער פאַרשריבן. די וואָס האָבן נאָך אויסגעזען ווי מענטשן און די הענט־מוסקולן האָבן נאָך געשפּילט אויף די ביינער — האָט ער געלאָזט. זייער ריי וועט קומען דאַן, ווען זייערע מוסקולן וועלן אויך אויסברענען און פאַרשווינדן. דערווייל קענען זיי נאָך נוצן ברענגען און אַרבעטן פאַרן זיג...

צום שפּיטאָל איז צוגעפאָרן א פור אָפּנעמען די „אויסדערוויילטע". מען האָט אָנגעלאָדן א פולע פור מיט לעבעדיקע ביינער־הויפנס. די שיך פון די פיס האָט מען ביי זיי אראָפּגענומען , די בעסערע קליידער, וואָס זיי האָבן געהאַט אויף זיך — צוגענומען...

די שטאַרקערע צווישן זיי האָבן געצויגן די פור פון פאָרנט און געשטופּט זי פון הינטן. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן געגאַנגען — אויף זייער אייגענער לויה.

ערשט מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט זייער מאַרשרוט: זיי זײַנען אַוועק צו א באַן־סטאַנציע און פון דאָרטן קיין אויש־וויץ — די גאַז־קאַמער האָט א סוף געמאַכט צו זייערע ליידן, און דער קאָ־מענדאַנט מיטן ס.ס.־דאָקטאָר — זײַנען פּטור געוואָרן פון אומזיסטע עסערס און איבעריקן באַלאַסט.

די דײַטשן האָבן עס געהאַלטן פאר א הומאַנעם טאַט, ניט לאָזן זיך מאַטערן מענטשן, וועלכע זײַנען במילא פאראורטיילט. זיי האָבן זיך געמאכט כאילו זיי פארשטייען ניט, וואָס און ווער האָט דערפירט די מענטשן צו אזא צושטאַנד, ווען טויט איז בעסער פון לעבן. איינער פון אונדזערע באלעבאטים, וועלכער האָט זיך געפילט א ביסל אומגעמיטלעך, איז ארײַן צו אונדז אין שפּיטאָל נאָך דער סעלעקציע און גענומען פילאָזאָפירן וועגן טויט און לעבן. אז דאָס לעבן איז א שמעק טאַבאַק ניט ווערט, אז די וואָס זײַנען אוועק זײַנען גליקלעכער פון אים א.א.וו., א.א.וו. עס האָט זיך געפילט, ווי ער וואָלט געוואָלט זיך אליין אריבערשרייען, אָבער בדיעבד, האָט א ציטער געטאָן אין אים א מענטשלעכע סטרונע, און זײַן שטיקל געוויסן האָט אים געבראַכט צו אונדז אין שפּיטאָל אראָפּריידן זיך פון הארצן.

אין לאגער שטייען קאַלטע און נאַסע וועטערן. די פרימאָרגנס זײַנען פראָסטיקע און דורך נאַכט פארפרירן די טיפע וואַלד־בלאָטעס. בײַטאָג גיט א שײַן די זון און דער באָדן ווערט ווידער ווייך און זומפּיק. יידן גייען ארויס צו דער אַרבעט אין דינע בגדים, אָן וועש און אָן זאָקן. די איין העמד, וואָס מען האָט באַקומען ביים ארײַנגיין אין לאַגער, איז שוין לאַנג צעריסן, צעקראָכן פון שווייס און צעפוילט אויפן קערפּער. אין די קאַלטע פרי־מאָרגנס, אויפן אַפּעל־פּלאַץ, ציטערט מען פון קעלט ווי די בלעטער, און גייענדיק צו דער ארבעט וואַרעמט מען זיך ווידער איין. יידן זוכן אלערליי מיטלען ווי דעם קערפּער צו האַלטן וואַרעמער. די ארבעטער ביי צעמענט מאַכן זיך פּאַפּירענע וועסטן פון די צעמענט־זעק. אנדערע וויקלען זיך בגניבה ארום מיט די דעקעס און גייען ארויס אזוי צו דער ארבעט. מען נישטערט אין אַלע מיסט־קאַסטנס, מען זוכט א שטיקל קאָדער דעם הוילן קערפּער בעסער צוצודעקן. פינף בחורים, וואָס האָבן צעשניטן די דעקעס און געמאַכט פון זיי בגדים, זײַנען געהאַנגען אין מיטן לאַגער, אז אלע זאָלן זען. פאַר ארומוויקלען זיך מיט א דעקע אויף דער אַרבעט, קריגט מען שמיץ

און ביטערע קלעפּ. די אינערלעכע קעלט — פון הונגער און די אויסערלע־כע קעלט — פון נאַקעטקייט, האָבן נאָך שנעלער אויסגעלאָשן דאָס שוואַ־כע לעבנס־פייערל ביים לאגער־מענטש.

אין לאגער האָט מען זעלטן געהערט וויינען. אויפן פּאָן פון דעם מאסן־בית־עולם האָבן ניט עקסיסטירט קיין קליינע טראַגעדיעס. א לאגער־מענטש איז געווען פארשטאַרט און אויסגעטריקנט. אויסער דעם זיינען טרערן א נאָרמאלע רעאַקציע פון א צאפלדיק לעבעדיקן וועזן, און דער לאגער־מענטש האָט ניט געלעבט, ניט געקעמפט און ניט רעאַגירט. דאָס הארץ פלעגט אויסגייען, אָבער ניט פארקלעמען, אז טרערן זאָלן אויסשיסן.

ס׳איז אָבער געווען אין לאגער א מענטשן־גרופּע, וואָס האָט יאָ גע־וויינט; ניט געוויינט נאָר געהוילט, געשריען, געיאָמערט און געקלאָגט. דאָס זיינען געווען די גרופּע באָרוועסע. ניט האָבנדיק קיין שיך, האָבן זיי געמוזט ארויס צום אַפּעל באָרוועס, אין נאַסן שניי און אין אייזיקער בלאָטע. זיי זיינען געשפּרונגען פון איין פוס אויף דער צווייטער און געהוילט ווי שאַקאַלן.

די ערשטע צייט פלעגן מיר זיי ארייננעמען אין שפּיטאָל און מיט־ציילן צום אַפּעל מיט די צאָל קראַנקע. זייער צאָל איז אָבער געוואַקסן פון טאָג, און מיר האָבן באַקומען א שטרענגן פאַרבאָט. פאַרן אַפּעל האָט קיינער, אויסער קראנקע, אין שפּיטאָל זיך ניט געטאָרט געפינען. אָבער יעדער ליידנדיקער האָט זיך געדראַפּעט אויף די שפּיטאָל־ווענט, ווי א מענטש וואָס טרינקט זיך — אויף א רעטונגס־שיפל. נאָך פאַרן אַפּעל פלעגן די באָרוועסע זיך אוועקשטעלן אונטער אונדזערע שפּיטאָל־פענצ־טער און קלאָגן. ווי נאָר מיר האָבן זיך באַוויזן אין דרויסן, פלעגן זיך צענד־ליקער הענט אויסשטרעקן און בעטן רחמים. בגניבה האָבן מיר געקענט העלפן נאָר איינצלנע און מיר פלעגן פארשטעקן נאָר די שוואַכערע פון זיי. שעהן זיינען די באָרוועסע מענטשן געשטאַנען און געטאַנצט פון איין פוס אויף דער צווייטער, געהאלטן די פיס אין די הענט, זיך אנידערגעזעצט אויף דער ערד און געוואַרעמט די פיס מיטן אָטעם פון מויל, געקלאָגט אָן אויפ־הער און געיאָמערט פון יסורים.

פון פראָסט האָבן פארקראַמפּט די בלוט־אָדערן פון די פיס, דער פּולס פון פוס פלעגט פאַרשווינדן און דאָס בלוט — ניט פליסן צו די פינגער. צוערשט פלעגן בלוי ווערן און אָפּשטאַרבן די פינגער, און נאָכדעם — דער גאַנצער פוס. די יסורים זיינען געווען אזוי גרויס און אומדערטרעגלעך, אז

אפילו די אויסגעמאָרעטע, רעזיגנירטע און אָפּגעטעמפּטע מוסלמענער האָבן זיי ארויסגעבראַכט פון זייער האַלב־טויטער רואיקייט.

די ארבעט אין אמבולאַטאָריע און אין שפּיטאָל איז אזוי גרויס, אז מיר אַרבעטן פון 5 פרי ביז 10 אָוונט און קענען ניט פאַרטיק ווערן. ביי דער אַמ־בולאַטאָריע שטייט כסדר א ריי פון קראַנקע, מען דערוואַרט פון אונדז הילף, און מיט וואָס צו העלפן איז ניטאָ.

דער קערפּער האָט פאַרלאָרן יעדן ווידערשטאַנד, פלעגמאַנען און אַבסצעסן פרעסן אויף גאַנצע גלידער. מען מוז כסדר שפּאַלטן זעק פון אייטער. נאָך דער אַרבעט איז דער צימער פאַרפלייצט פון אייטער. טייל־מאָל זעט עס אויס, אז ניט בלוט, נאָר אייטער פליסט אין מענטשנס אָדערן. פון יעדן קראַץ ווערט אַן אייטערדיקע ווונד. יעדער קלאַפּ פון פוס ענדיקט זיך מיט א פאַראייטערונג. דעם מענטשנס גוף ווערט צעשמאָלצן, און אייטער גיסט זיך פון אלע גלידער. דער אָרגאַניזם איז פולקאָם אויסגע־שעפּט און זאָגט זיך אָפּ צו קעמפן מיט יעדער אינפעקציע און אַנדערע אויסערלעכע שעדלעכע פאַקטאָרן.

דער טאָג גייט פאַרביי אין געשפּאַנטער אַרבעט און אין קאָפּ־דרייעניש. מען מוז זוכן מיטלען ווי די מענטשן מיט הוילע הענט צו העלפן. מיר האָבן געליטן פון א שטאַרקן מאַנגל אין פאַרבאַנד־מאַטעריאַל. עס איז ניט געווען מיט וואָס די ווונד צו פארשמירן און צו פאַרדעקן. דער חולה פלעגט אָפּרייסן א שטיק פון זיין העמד אָדער רעקל, כדי זיינע ווונדן זיך צו פאַרבינדן. דער הויפּט־פאַרבאנד־שטאָף איז געווען פּאַפּיר. דער קוכער פון דער דייטשער קיך פלעגט אונדז א טובה טאָן און געבן פּאַפּיר־זעק פון צוקער. פון די זעק האָבן מיר געשניטן בינדן. אַמאָל פלעגן מיר באַ־קומען פעטע פּאַפּיר פון מארגארין. דאָס פעטע פּאַפּיר האָבן מיר צוגע־לייגט צום ווונד און מיט דאָס זאַק־פּאַפּיר פארבונדן. די אייטער־קעשענעס האָבן מיר געשניטן אָן אַ נאַרקאָז, דאָס שמערץ־געפיל איז אויך געווען אָפּגע־טעמפּט, און זעלטן האָבן די מענטשן געשריען ביי די אָפּעראַציעס.

דעם דורכפאַל, וואָס איז געווען די פאַרשפּרייטסטע קראַנקהייט אין לאַ־גער, האָבן מיר באַהאַנדלט מיט קוילן, וואָס מיר האָבן אליין געמאַכט פון פאַרברענטע האָלץ. אזוי האָבן מיר זיך געוואָרפן און געזוכט וועגן ווי זיך צו העלפן. אָן צופאַסונגס־פעאיקייטן, דערפינדערישקייט און איניציאַטיוו,

וואַלטן מיר געמוזט שטיין מיט אראָפּגעלאָזטע הענט און זיין נאָר פּאַסיווע עדות פון די געשעענישן.

די שווערע ארבעט, די ליידן פון די ארומיקע, די אויסזיכטלאָזיקייט און מאַסן־שטערבלעכקייט האָבן אונדז ניט פאַרהאַרטעוועט און ניט פאַרגרעבט. מיר האָבן נאָך אַלץ איבערגעלעבט, איבעראַנייס געליטן און געבלוטיקט. די כסדרדיקע וואַכזאַמקייט האָבן מיר צו פאַרדאַנקען איינער דעם צווייטן. אונדזער דאָקטוירים־גרופּע האָט זיך צוזאמענגעשמאָלצן דורך חברישן גלות און איינער דעם אַנדערן אונטערגעהאַלטן, געשטאַרקט און געמונ־טערט; ניט געלאָזט דעגענערירן און מאָראליש אויסרינען. מיר האָבן איינער דעם אנדערן געהיט מיר זאָלן ניט געשטרויכלט ווערן און ניט פאַרלירן דעם צלם אלהים. עס זיינען דאָך געווען אלע תנאים, כדי צו ווערן שטאַר, אומעמפּפינדלעך און פאַרהאַרטעוועט. דער קראַנקער האָט גוט גע־פילט אונדזער באַציאונג צו אים און דעריבער האָט ער זיך אזוי פעסט גע־קלאַמערט אָן אונדז — און זיין צוטרוי האָט אונדז נאָך מער פארבונדן און פאַרפליכטעט.

דורכן שפּיטאָל און אמבולאטאָריע זיינען געפלאָסן טעג פון גרויל. אויף דעם לאַגער־באָדן זיינען אויסגעוואַקסן קראַנקהייטן, וואָס די וועלט האָט נאָך פון זיי ניט געוווסט. מענטשלעכע ליידן, וואָס דער טייוול אליין האָט נאָך ניט פארטראכט. דער קליינער צימער פון אמבולאטאָריע איז כסדר געווען פול. יעדע פאָר שעה — א מת. יעדע ארבעטער־בריגאדע פלעגט ברענגען מיט זיך פון דער ארבעט צענדליקער קראנקע, פארחלשטע און טויטע. א טייל פלעגן ליגן אין אַגאָניע־צאַפּלעניש, זיך וואַרפן און שליידערן ביז זיי פלעגן פארגליווערן. עס האָבן געפעלט בעטלעך, הענט און מוח, און אַמאָל נערוון אויסצוהאַלטן די אומגעהויערע נשמה־שפּאַ־נונג פון דעם גהינום. א גאנצן טאָג זיינען מיר געשטאַנען מיט פארקאַ־שערטע אַרבל און ס׳איז קיין צייט ניט געווען אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. אַמאָל פלעגן איינצלנע עפּיזאָדן ארויסשטאַרצן פון דער גרויזאַמער טאָג־טעגלעכקייט און דאַן פלעגן די נערוון ניט אויסהאַלטן און פּלאַצן.

א שווערער טאָג אין שפּיטאָל. א צענדליק טויטע און א פּאָר צענדליק קאַנדידאַטן וואַלגערן זיך אויף דער ערד און אין קאָרידאָר, און עס איז ניטאָ קיין הענט די מתים ארויסצוטראָגן, קיין בעטלעך ווו די קראנקע צו לייגן. מיר לויפן פון איינעם צום צווייטן, ווי פארסמטע, און זעען ניט קיין מעג־

לעכקייטן ווי אזוי אַלע צו פאַרזאָרגן, אלעמען צו פאַרלייכטערן. זייענדיק שטאַרק פאַרנומען מיטן כלל, האָבן מיר קיין צייט ניט געהאַט זיך אָפּגעבן מיטן יחיד.

מיין בליק האָט זיך פלוצלונג געטראָפן מיט גרויסע בלויע אויגן פון א קליין יינגל, וואָס איז געזעסן אָן א זייט, פעסט ארומגענומען מיט זיין טאַטן. איך האָב זיך ביי דער פאָר אָפּגעשטעלט און גענומען דעם טאַטנס פולס. דער טאַטע איז געזעסן שוין אַן אויסגעלאָשענער אין די אָרעמס פון זיין זון. דאָס יינגל האָט זיינע גרויסע טיפע אויגן ניט אראָפּגענומען פון טאַטן, און אין די אויגן זיינע האָבן זיך גאַנצע וועלטן אָפּגעשפּיגלט. הייסע ליבע, ריינסטע צערטלעכקייט און פחד, ווילדער פחד פאַרן גורל פון זיין טאַטן. דאָס יינגל האָט דערפילט, אז איך שטיי נעבן אים, האָט ער אויפגע־הויבן זיינע לאַנגע וויעס, און אין די אויגן זיינע איז שוין געווען די פראַגע וואָס ער האָט באַלד געשטעלט:

— דאָקטאָר, וואָס איז מיט מיין טאַטן? ווי נאָר איך לאָז אים ארויס פון די הענט, אזוי לאָזט ער זיך גלייך אראָפּ. מיר האָט ער זיינע לעצטע ביסנס אָפּגעגעבן, און איצט האָט ער קיין כוח ניט צו זיצן...

די שטימע זיינע האָט געציטערט און גרויסע טרערן האָבן זיך געקייקלט איבער די קינדישע באַקן. די לעצטע ווערטער זיינע האָבן מיר ווי פיילן דאָס האַרץ דורכגעלעכערט, איך האָב דאָס מער ניט אויסגעהאַלטן. איך בין ארויסגעלאָפן פון אַמבולאַטאָריע, זיך א שליידער געטאָן אויף מיין בעטל און פאַרגאַנגען אין א ספּאַזמאַטישן געוויין.

מיינע חברים האָבן מיר געמוסרט, מען טאָר ניט שוואַך ווערן. די אַרבעט וועט ליידן. מען מוז די ליפּן בייסן און רואיק זיין.

איך ווייס ניט וואָס מיט מיר איז געווען. אפשר האָט זיך אין יענעם טאָג אָנגעקליבן צו פיל מיט אמאָל; אפשר האָט זיך אין דעם קינדס טרערן דאַן אָפּגעשפּיגלט פאַר מיר אונדזער גאַנצער יידישער אומגליק; און אפשר דערפאַר גאָר, וואָס זיינע בלויע אויגן האָבן מיר דערמאָנט אָן די הימל־בלויע אויגן פון מיין זונעלע, איך האָב קיין כוח ניט געהאַט זיך צו האַלטן מער, און האָב אויפגעריסן ווי א פולווער־פאַס.

# יידן פון אומעטום

דאָקטוירים, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן פון מערב־אייראָפּעאישע לענדער און זיינען געוווינט געוועזן צו א ציוויליזירטן לעבן און הויכע קול־טורעלע אַרבעטס־באַדינגונגען, האָבן זיך בשום אופן ניט געקענט צופּאַסן צו די לאַגער־באַדינגונגען און לאַגער־עלנט. זיי זיינען געוועזן געוווינט צו שיינע שפּיטעלער און קאַבינעטן, מיט א רייכן רפואות און מאַטעריאַל־אויסוואַל. זיי איז ניט אויסגעקומען, אַלס דאָקטוירים, צו אַרבעטן אין אָרע־מע ליטע־דערפער, אימפּראָוויזירן און זיך צופּאַסן. דעריבער פלעגן זיי זיך פאַרלירן ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט דער גרויזאַמער לאַגער־ווירק־לעכקייט, און זיי זיינען אומגעקומען נאָך פריער ווי זייערע פּאַציענטן.

איינמאָל האָט מען מיר אריינגערופן אין א באראַק, וווּ עס זיינען געלעגן ניי־אָנגעקומענע יידן. אלע זיינען געלעגן נאַקעט, שווער פּאַרלייזיקט. זיי האָבן אויסגעזעען ווי מתים, וואָס וואַרטן אויף דער קבורה. אין באַראַק, וועל־כער איז באַשטאַנען פון אַן אויסגעגראָבענעם קאָרידאָר און צוויי־זייטיקע נאַרעס איז געוועזן שטאָק־פינצטער. דער קאָרידאָר איז געוועזן פאַרפלייצט מיט וואַסער, און כדי אריינצוגיין אין באַראַק האָב איך געמוזט אריינוואַרפן א פּאָר שטיינער, איך זאָל האָבן אויף וואָס זיך אנידערצושטעלן. די קראַנ־קע וואָס איך האָב געדאַרפט באַהאַנדלען האָב איך געמוזט אריבערטראָגן נעענטער צו דער טיר, ווייל ביי דער טיר איז געוועזן א ביסל העלער.

נאָכדעם ווי איך האָב געעפנט מיט מיין שטעפּערישן מעסערל א פּאָר ריזיקע פלעגמאַנעס און ליטערס אייטער האָבן זיך געגאָסן אין וואסער אריין, הער איך ווי א מענטש — א שאָטן, קוים וואָס ער רעדט, ווענדט זיך צו מיר אין פראַנצויזיש.

—איך באוווּנדער אייך, דאָקטאָר, ווי קענט איר דאָ אַרבעטן, שטייענדיק אין וואַסער, אין דער פינצטערניש, אָן אינסטרומענטן און אָן מאַטעריאַל, איר זייט דאָך העלדן ! — האָט ער אויסגעשריען מיט די לעצטע כוחות.

— אז מען מוז, קען מען — זאָג איך — מיר זיינען ניט קיין העלדן. ווען דו וואָלסט געוועזן אויף מיין אָרט, וואָלסטו אויך געקענט.

אין א ווייטערן געשפרעך האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ער איז א באוווס־טער רענטגענאָלאָג פון פּאַריז, ערשט ניט לאַנג אין לאַגער, און ער שטייט שוין אויפן שוועל פון אומקום. דאָס וואָס פאַר אונדז איז געווען נאַטירלעך און זעלבסט־פאַרשטענדלעך, איז פאַר דעם פּאַריזער דאָקטאָר געווען אומ־באגרייפלעך.

א פּאָר הונדערט יידישע דאָקטוירים פון פארשידענע אייראָפּעאישע לענדער זיינען אין משך פון איין יאָר אומגעקומען אין גרעסטער נויט און עלנט. אַ גאַנצע ריי דאָקטוירים זיינען דורך אַלס קראַנקע דורך אונדזער לאגער־שפּיטאָל, און כאָטש מיר האָבן זיך געהיט צו פּריווילעגירן איינעם אויפן חשבון פון צווייטן, פלעגן מיר דאָך נכשל ווערן דורך קאָלעגיאַלע געפילן צו אונדזערע פאַך־חברים. א דאָקטאָר איז געלעגן א ביסל לענגער אין שפּיטאָל, ער האָט באַקומען נאָך א טעלער זופּ א.א.וו.

שווער צו פאַרגעסן איינצלנע דאָקטוירים־טיפּן, וועלכע איך האָב גע־היילט און געפלעגט.

אַן אלטער דאָקטאָר פון אונגארן, א פאָטער פון צוויי וועלט־באַרימטע טובערקולאָז־פאָרשער. זיין קאָפּ און באָרד — שניי ווייס, און אין זיינע קוילן־שוואַרצע אויגן האָט תמיד געברענט אַן אומרואיקער יוגנט־פייערל. כאָטש די גלידער זיינע האָבן געפוילט, און פון יעדן וווּנד האָט אייטער גע־גאָסן, איז דאָס פייער אין די אויגן זיינע ניט קלענער געוואָרן. ביי דעם אויסגעשעפּטן און האָפענונגסלאָזן צושטאַנד, אין וועלכן ער איז שוין געווען, איז לייכט געווען אים פאָרצושטעלן זיך א קאַלטן, אָבער די פייערדיקע אויגן, אז זיי וועלן זיך אויסלעשן באַלד — האָט זיך ניט געוואָלט גלויבן. אז ער פלעגט זיך באַווייזן אין אַמבולאַטאָריע אין זיין צעקאָדערטער העמד און פאַרקרעציקטן קערפּער, האָב איך אים אלע מאָל געזען אין מיין פאַנ־טאַזיע אין א ווייס־געפּרעסטער העמד און סמאָקינג ערגעץ־ווו אויף א באַל. איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר זיין דערשיינונג האָט ביי מיר אַלע מאָל אַסאָ־ציאירט זיך מיט דער ראַפּסאָדיע פון ליסט. איך פלעג פאַרבינדן זיינע ווונדן און אויספּייפן דערביי די ראַפּסאָדיע. די אויגן זיינע פלעגן ווערן נאָך יוגנט־לעכער און אומרואיקער, און אויף זיין פּנים האָט זיך צעגאָסן אַן אויסגע־ווייטאָגטער שמייכל...

פון צענטער האָט מען צו אונדז צוגעשיקט אַן עלטערן דאָקטאָר, אלס לייטער פון אונדזער שפּיטאָל. ער האָט זיך אויפגעפירט און אויסגעזען אַנ־דערש ווי אלע. זיין אַרט רײדן און שטאָלצע האלטונג, זיין אָדלער־נאָז

און אראָפּגעהאנגענע אונטערשטע ליפּ, זיין גרויסער שטערן און די מאַט־בלויע אויגן האָבן דערציילט פון א רייכער לעבנס־דערפארונג און א פיל־פאַרביקער פאַרגאַנגענהייט. די ערשטע צייט איז ער געזעסן נעבן אויוועלע, געזוכט לייז, זיך געקראַצט און געשוויגן. אז ער האָט זיך אַקלימאַטיזירט אין אונדזער חברישער דאָקטוירים־גרופּע, האָט ער לאַנגזאַם אָנגעהויבן דערציילן פון זיך און פון זיין שפּאַנענד־אינטערעסאנטן לעבנס־וועג. געווען איז ער א בארימטער בערלינער דאָקטאָר און אין די צייטן פון ווײמאַרער־רעפּובליק — דער אָרגאַניזאַטאָר פון די בערלינער קראַנקן־קאַסעס. יאָרן־לאנג האָט ער געקעמפּט מיט אלע בערלינער דאָקטוירים פאר נייע פּרינציפּן פון קראַנקן־פאַרזיכערונג, און פון דעם קאַמף איז ער ארויס דער זיגער. אַליין, א זון פון אַן אַסימילירטער, אריסטאָקראַטישער בערלינער משפּחה, האָט ער זיין יוגנט פאַרבראַכט אין די שפּיצן פון בערלינער הויכער געזעל־שאַפט. ער איז געווען א ליידנשאַפטלעכער רייטער און יעגער, און צוזאמען מיטן קרוין־פּרינץ אין ווילדע קאַטשקעס געשאָסן. זיין מעדיצינישע אויס־בילדונג האָט ער באַקומען אין די באַרימטסטע אוניווערסיטעטן און שפּיטע־לער פון דייטשלאַנד. געווען א הויכער אָפיצער אין ערשטן וועלט־קריג און א באקאנטער דאָקטאָר אין ציוויל־לעבן. צווישן זיינע בערלינער פּאַציענטן זיינען געווען וועלט־באַרימטע מענער ווי איינשטיין, ראטענוי א.א.

גאַנצע אָוונטן הינדורך האָט ער דערציילט פון זיינע אויטאָמאָביל־ריי־זעס איבער דער גאָרער וועלט, און פון זיינע פיל באַגעגענישן מיט אַלערליי מענטשן, אין אַלע גרויס־שטעט פון דער וועלט. גערעדט האָט ער רואיק, זאַכלעך, אָן איבערטרייבונגען און סענסאַציעס, און דערמיט האָט ער געווו־נען אונדזער צוטרוי. ער האָט זייער גערן דערציילט און גערעדט, כדי גע־דאַנקלעך זיך נאָך אַמאָל אריבערצוטראָגן אין זיין פאַרגאַנגענהייט. ביי אונדז אין צימערל האָט ער געמאַכט דעם לעצטן סך־הכל פון זיין לעבן און האָט דערביי אויפגעדעקט פאַר אונדז אפילו דאָס אינטימסטע.• שוין אלס עלטע־רער מאַן האָט ער געפירט א דאָפּלטן לעבן: געהאַט א פרוי און קינדער אין דערהיים און שטורמישע ליבע־אַוואַנטיורעס אויף זיינע וועלט־רייזעס.

צו אונדז איז ער געקומען פון אוישוויץ, וווּ ער האָט צוויי יאָר געאר־בעט אין דעם דאָרטיקן באַקטעריאָלאָגישן אינסטיטוט. וועגן אוישוויץ האָט ער אויסגעמידן צו רעדן. ער פלעגט אַלץ זאָגן, אז צוליב איין סיבה וויל ער איבערלעבן, כדי צו דערציילן דער וועלט פון אוישוויץ. ווייל דאָס וואָס ער האָט געזען — ווייס ניט און קען ניט וויסן קיין צווייטער.

יעדער קלוגער מענטש האָט אָבער זיינע שוואַכע פונקטן, אין פיל געשפּרעכן וועגן יידנטום, אסימילאציע און די סיבות פון אנטיסעמיטיזם איז ער געווען אַלט, אָפּגעשטאַנען און קינדיש־נאַיוו. פון זיינע איבערלעבונגען האָט ער אַבסאָלוט גאָרניט געלערנט. דייטשלאנד איז געבליבן זיין פאָטערלאַנד, אַסימילאַציע איז דער אויסוועג און היטלער — נאָר אַן אומגליקלעכער עפּיזאָד אין דער דייטשער געשיכטע. ער האָט טיף געגלויבט, אז ווען עס וועלן קומען בעסערע צייטן אין דייטשלאנד, וועט ער ווערן דער מיניסטער פון געזונטהייטס־וועזן אין פּרייסן. דער פלעק־טיפוס האָט אים פארשפּאָרט ווייטערע אנטוישונגען...

יעדער דאָקטאָר, וואָס איז אָנגעקומען אין לאַגער, פלעגט זיך נעענטער צוטוליען צום שפּיטאָל. אנדערע האָבן געמיינט, אז מיר קענען זיי באַשעפטיקן אלס דאָקטוירים און זיי ראַטעווען פון אונטערגאנג. מיר אָבער, האָבן כסדר באַקומען שטרענגע באַפעלן און דראָאונגען פון אונדזער ס.ס.־דאָקטאָר, אז אויב מיר וועלן אליין ניט פארטיק ווערן מיט אונדזער אַרבעט, וועלן מיר גיין צום טייוול מיט דער לאָפּעטע. אויב מיר האָבן געקאָנט אויספועלן, אז א דאָקטאָר זאָל בלייבן אין לאַגער ביי לאַגער־אַרבעט, איז שוין אויך געווען א גרויסער אויפטו; אזוי ארום זיינען געראַטעוועט געוואָרן ניט ווייניק יידישע דאָקטוירים. די נויט איז געווען צו גרויס, אונדזערע מעגלעכקייטן צו קליין, און אלעמען העלפן איז געווען אוממעגלעך.

ס'איז אויך געווען א סך אָפּהענגיק פון דעם מענטשן גופא. אייניקע האָבן ניט פאַרשטאַנען ווי אזוי זיך צוצופּאַסן צו דער צייטווייליקער אַרבעט, און דער דייטש פלעגט זיי ווידער אַרויסטרייבן אַרבעטן אויסערן לאַגער. אַנדערע האָבן יאָ פאַרשטאַנען, אז עס איז ניט וויכטיק, וועלכע אַרבעט מען טוט, דער עיקר איז — שטופּן די טעג און מאַכן אַלץ, כדי זיך צו האַלטן אויף דער אויבערפלאַך. דער אונגאַרישער כירורג, וואָס האָט גערייניקט די קלאָזעטן אין לאַגער, איז געווען צופרידן מיט זיין נייעם פאַך און זיך בארימט, אז אזא פאַכמאַן ווי ער איז ניטאָ. ער האָט פארמאָגט געזונט הומאָר און דערפאר געלעבט און אויסגעלעבט.

אין לאַגער איז געווען א ריכטיקער קבוץ גלויות. מיר האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו לערנען און דערקענען אלערליי יידן פון פארשידענע אייראָפּעאישע לענדער. יידן וואָס זיינען געווען האַלב אָדער גאַנץ אסי־

מילירט, האָבן גערעדט די שפּראַך פון זייערע באַלעבאַטים און געזויגן פון פרעמדע קולטורן, האָבן קיין שום ווידערשטאַנדס־כוח ניט פאַרמאָגט. זיי פלעגן אומפאַלן מיטן ערשטן ווינטל. עס האָט בלויז וואָכן געדויערט, און גאנצע טראַנספּאָרטן פון אונגארישע, עסטרייכישע, האָלענדישע און פראנצויזישע יידן זיינען צעשמאָלצן געווארן אין לאגער ווי וואקסענע ליכט.

דער ליטווישער און פוילישער ייד, מיט זייער טיפער יידישער דער־ציאונג און נאַציאָנאלן זעלבסט־באוווסטזיין, איז געווען מער פארהארטעוועט אין צרות און בעסער באוואָפנט צום ווידערשטאַנד און קאמף. דער ליט־ווישער ייד האָט צייטנווייז ארויסגעוויזן טיפע לעבנס־כוחות און האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן... ער איז געווען דער לעצטער וואָס האָט פארלאָרן דעם צלם אלהים. ער האָט ניט געגעסן קיין קארטאָפל־שאָלעכץ פון מיסטקאַסטן און האָט ניט געגנבעט א שטיקל ברויט ביי זיין חבר. ער האָט אלעמאָל געפונען כוח זיך ארומצווואשן און מיט די לייז צו קעמפן. און אז זיין סוף איז געקומען, פלעגט ער צוזאַמענברעכן מיט אַמאָל.

צווישן דער מענטאַליטעט פון אָסט־יידן און וועסט־יידן איז געלעגן א טיפער תהום. דער אָסט־ייד איז געווען לעבנס־לוסטיקער, צאפּלדיקער און אַקטיווער אין קאַמף מיט זיין גורל. פאר דעם מערב־אייראָפּעאישן ייד, וואָס איז געווען מער אייראָפּעער ווי ייד, איז דאָס לעבן אין לאַגער געווען אזא שאָק, אז ער איז שוין מער ניט געקומען צו זיך. ביי די ערשטע שווע־ריקייטן פלעגט ער באַלד ווערן אָפּהענטיק, הילפלאָז, גלייכגילטיק צו אַלץ וואָס טוט זיך אַרום אים און זיך לייכט לאָזן טראָגן פון גורל אין די אָרעמס פונעם מלאך־המות.

אַנדערע יידן האָבן בכלל ניט פאַרשטאַנען זייער לאַגע און ניט גע־ווּוּסט, ווו זיי זיינען אויף דער וועלט. ס׳איז אריין צו מיר א ייד, וואָס איז געקומען מיטן לעצטן טראַנספּאָרט פון סלאָוואַקיע און געזאָגט, אז ער וויל מיט מיר עפּעס וויכטיקס ריידן. געווען איז ער אָנגעטאָן אין א זומערדיק עלעגאַנטן מאַנטל און לייכטע האַלב־שיך און געמאַכט דעם איינדרוק פון א ייד א סוחר, וואָס איז נאָר וואָס ארויס פון זיינע עסקים. כ׳האָב זיך אוועק־געזעצט מיט אים, און ער האָט אָנגעהויבן אויסלייגן פאַר מיר דאָס, וואָס ס׳האָט אים געדריקט אויפן האַרצן. ער האָט געזוכט די גאַנצע צייט א מענטשן ער זאָל זיך קענען דורכשמועסן מיט אים וועגן אונדזער לאַגע.

— מען מוז עפּעס טאָן, ווייטער קען אזוי ניט גיין — האָט ער געזאָגט.

— מענטשן גייען באָרוועס און נאַקעט, מען אַרבעט צופיל און צו שווער.

מענטשן שלאָפן אָן דעקעס און ווערן פאַרפראָרן. שעהן שטייט מען אָפּ ביי דער קיך און מען באַקומט שיטערע וואַסער. מען מוז זען מאַכן אָרדענונג אין לאַגער. ווער, אויב ניט מיר? ער איז גרייט מיטצוהעלפן. מען מוז תיכף אויסטריקענען די בלאָטעס, באַזאָרגן די מענטשן מיט קליידער, פאַרגרעסערן די פּאָרציעס א.א.וו., א.א.וו.

די ערשטע מינוטן האָב איך געמיינט, אז איך האָב דאָ צו טאָן מיט א גייסטיק־קראַנקן מענטשן, וואָס רעדט ניט צו דער זאַך. ווען ער האָט מיר געזאָגט, אז סך־הכל מיט דריי וואָכן צוריק איז ער נאָך געווען א רייכער ספּירט־פאַבריקאַנט און געפאָרן מיט זיין אייגענעם אויטאָמאָביל, האָב איך פאַרשטאַנען, אז גייסטיק איז ער נאָרמאַל, אָבער נאַריש און נאַיוו — ווי א קליין קינד. דער סלאָוואַקישער ייד מיט אזא איינשטעלונג האָט ניט געקענט לאַנג ציען.

כאָטש די ידיעות פון די פראָנטן זיינען דערגאַנגען צו אונדז נאָר דורך דייטשע צייטונגען, דאָך איז דאָס גענוג געווען אויף צו וויסן, ווי שלעכט עס גייט זיי. צו די דייטשע פראָנט־מפּלות האָבן מיר אין לאַגער געהאַט אן אנדער באציאונג ווי אין געטאָ. אויב אין געטאָ האָבן מיר פארבונדן די דייטשע קאטאסטראָפעס מיט אונדזער באלדיקער באפרייאונג, איז אין לאַגער געווען אַנדערש: דאָ איז קיין צייט ניט געווען צו וואַרטן אויף נסים, יעדן טאָג זיינען אויסגערונען צענדליקער לעבנס, און ווען דער זיג זאָל ניט קומען, וועט ער קומען צו שפּעט.

די שטערבלעכקייט האָט אָנגעהאלטן מיט אזא רעגלמעסיקייט, אז מיר האָבן בערך געקאָנט אויסרעכענען, ווען עס וועט אין לאַגער שטאַרבן דער לעצטער מענטש. מיר האָבן איינמאָל געמאַכט א גענויעם חשבון, ווען וועלן מיר, דאָקטוירים, זיך אויסקערן. אויסרעכענענדיק די צאָל קאַלאָריעס וואָס מיר באקומען און די צאָל וואָס מיר פארברויכן, די קערפּער־וואָג וואָס מיר האָבן געהאַט און די וואָג וואָס מיר האָבן פארלאָרן, האָבן מיר גענוי געוווּסט אונדזער לעצטן טאָג. לויט אונדזער חשבון האָבן מיר געדאַרפט אויסהאלטן ביז סעפּטעמבער. דאָס, וואָס דער קריג האָט זיך געענדיקט אין מאַי, איז געווען אונדזער גליק...

פארוואָס האָט איינער אויסגעהאלטן און לעבן געבליבן און דער צווייטער ניט? ווער זיינען געווען די, וואָס זיינען געבליבן אויף די פיס ווען די קאָסע האָט געשניטן און טויזנטער זיינען געפאלן ווי די סנאָפּעס? גע־

ציילטע זיינען געבליבן, און יעדער איינער מיט זיין צופאל. ערשטנס, זיי־נען געבליבן לעבן די, וואָס האָבן ניט געדאַרפט ארויסגיין פון לאַגער אויף דער אַרבעט. אַלע קליינע אַרבעטס־בריגאַדעס, וואָס זיינען געזעסן אין פאַר־מאַכטע רוימען. די אלע וואָס האָבן באַדינט די דייטשן אָדער דעם לאַגער גופא — ווי שלאָסער און עלעקטריקער, שוסטער, שניידער און פאַבריקמאַ־כערס, קוכערס, דאָקטוירים א.א.וו. זיי אַלע האָבן ניט געדאַרפט אזוי שווער האָרעווען, זיי האָבן ניט געפרווירן און פון צייט־צו־צייט געקאָנט פאַר זיך אָרגאַניזירן נאָך א שטיקל ברויט און נאָך א טעלער זופּ. די „אויסדערווייל־טע״ האָבן זיך לענגער געהאַלטן און דאָס רוב געבליבן לעבן. פון די טויזנ־טער אָבער וואָס האָבן, באָרוועס, נאַקעט און הונגעריק, שווער געהאָרעוועט אין קעלט און אין רעגן — זיינען געבליבן נאָר יחידי־סגולה.

די מענטשן־פארטיילונג אויף כלערליי ארבעטן, בעסערע און ערגע־רע, האָט זיך אָפּגעשפּילט צופעליק. צופעליק בין איך געווען א דאָקטאָר אין לאַגער, דעריבער לעב איך. צופעליק איז א קאָלעגע אַוועק מיט דער לאָפּעטע, איז ער געשטאָרבן.

די אָנגענומענע מיינונג, אז דער מענטש איז פון אייזן אָדער — שטאַר־קער פון אייזן, שטימט נאָר פאַר דער פּסיכיק פון מענטשן, אָבער ניט פאַר זיין קערפּער. פּסיכ׳שע שפּאַנונגען קען דער מענטש אויסהאַלטן אָן א שיעור, פון שאַרפע איבערלעבונגען און דערשיטערונגען דערהאָלט ער זיך גוט און שנעל. והראיה, ביי אונדז איז כמעט ניט געווען קיין נערוון־צוזאַמענגעבראָכענע, פסיכיש קראַנקע, אָדער זעלבסט־מערדער. אָבער פי־זיש איז דער מענטש די שוואכסטע באשעפעניש. ווען ער איז זאַט און אָנגעטאָן מיטן שניפּס און קראַגן, איז ער א גאַנצער יש און פאַרגעסט תמיד, אז זיין עקסיסטענץ איז א רעזולטאט פון נאָך א שטיקל ברויט און נאָך א שטיקל פלייש. ניט 100, נאָר 200 גראַם ברויט א טאָג — און זיין לעבן ברענט א מאָנאַט לענגער. ווער האָט דאָס געקענט גלויבן, אז דעם מענטשנס לעבן הענגט אָפּ פון דעם צי זיין לעפל זופּ איז פון אויבן אָנ־געשעפּט אָדער פון דעק? אויב אין משך פון א וואָך האָט איינער באקו־מען נאָר דאָס שיטערע פון אויבן, איז געווען אויס מיט אים. אויב ער האָט באַקומען פון אונטן, דאָס געדיכטע, האָט ער נאָך א וואָך געצויגן. נאָר דער ווער עס האָט גוט דורכגעהונגערט און דערקענט די אָרגאַנישע קרובהשאפט צווישן מענטשן און ברויט, קאָן געפינען דעם שליסל צום מענטשלעכן לעבן. יעדער מענטש מיינט, ער ווייס דעם ווערט פון ברויט, אָבער קיינער

ווייס עס ניט אזוי אומפארשעמט ציניש, ווי דער הונגעריקער מענטש פון לאגער.

יידישע יום־טובים פון אמאָל, וואָס האָבן דערמאָנט אָן הויז און משפחה זיינען געווען ביי אונדז טעג פון טרויער. מיר פלעגן דערמאָנען אין אַזעלכע טעג די גליקלעכע יידן מעבר לים, הונגעריקע ווי וועלף, האָבן מיר זיך פאָרגעשטעלט, ווי זיי זיצן דאָרטן ביי שיין געדעקטע טישן, מאַכן קידוש און עסן געפילטע פיש מיט חלה... א ייד א זאַטער, נאָכן טשאָלנט, לייענט דורך די צייטונג וועגן די יידישע צרות, גיט א קרעכץ און גייט פון אָוונט אין קינאָ.

מיר האָבן געהאַט אייגענע יום־טובים. יום־טובדיקע שטימונגען אין גרויזן לאגער־לעבן. ווען אונדזער קאָמענדאנט איז אוועקגעפאָרן אויף אור־לויב צו זיין ווייב און אן אמעריקאנער באָמבע האָט אים פארשפאָרט די רייזע צוריק, איז אין לאגער געווען א גרויסער יום־טוב. יידן זיינען ארומגעגאנגען עטלעכע טעג אין א געהויבענער שטימונג, און מען האָט זיך געווונטשן דאָס זעלבע פון אנדערע קאָמענדאנטן צו הערן. א פרומער ייד האָט מיר געזאָגט:

— זעט איר, דאָקטאָר — דאָס איז גאָטס־שטראָף, דערפאַר וואָס יום־כיפור האָט ער פאַנאַנדערגעטריבן אונדזער מנין!

יום־כיפור האָבן זיי געמאַכט א מנין און דער קאָמענדאַנט איז געקו־מען און זיי צעטריבן, און דערביי נאָך גוט צעשלאָגן דעם חזן. איידער ער האָט זיי צעטריבן, האָט ער געהאַלטן פאַר זיי א גאַנצע דרשה איבער גאָט און רעליגיע. אייער גאָט איז ניט אויף דער הויך — האָט ער געזאָגט — ער האָט ניט פאַרדינט איר זאָלט אים דאַנקען, אויב ער קען צוזען ווי איר מאַטערט זיך אזוי. אייגנטלעך, פאַר וואָס דאַנקט איר אים? — האָט ער געפרעגט — פאַר אייער הינטישן לעבן?

איצט האָט אים גאָט באַצאָלט פאר זיין דרשה. דער ייד איז געווען שטאַרק צופרידן. ער האָט זיך באָכאַמאָל איבערצייגט, ווי גרויס עס זיינען גאָטס מעשים...

די שענסטע יום־טובדיקע מינוטן אין לאגער זיינען געווען די לופט־אלארמען. מיר האָבן געוואַרט אויף דעם סירענע־רוף ווי אויפן שופר של משיח. אין דער צייט פון לופט־אָנגריף האָבן יידן ניט געארבעט, גע־

לעגן ביי זיך אויף די נארעס און געקליבן נחת פון די „פארבינדעטע״. דאָס זשומען פון די אמעריקאנער עסקאַדרילעס איז געווען פאר אונדז דער שענסטער קאָנצערט. מיר זיינען געלעגן אויף די בעטלעך און געבעטן גאָט די מוזיק זאָל נאָר ניט אויפהערן. טאָג און נאכט זיינען זיי געפלויגן איבער אונדזער לאגער — קיין מינכען, נירנבערג און אנדערע שטעט, דאָרט „אייער לייגן״. הערנדיק ווייטע דעטאָנאַציעס האָבן מיר געזען בכוח הדמיון, ווי דייטשע שטעט ווערן צעפליקט אין שטיקער און דייטשן ליגן, ווי מייז אין זייערע פינצטערע לעכער, און האָבן מורא די נאָז ארויסצושטעקן. אַמאָל האָבן זיך די קאָנצערטן געצויגן גאַנצע נעכט און מיר האָבן פון אויפרעגונג שלאָפן ניט געקענט. עס האָט זיך געוואָלט הערן און ניט פארשלאָפן די הערלעכע סימפאָניע פון נקמה.

די לאגערן האָט מען ניט באָמבארדירט, דעריבער פלעגן די דייטשן אין דער צייט פון אלארם ארייַנלויפן אין לאגער און זיך פילן זיכערער צווישן די יידן. די לופט־אָנגריפן האָבן זיך איבערגעחזרט טאָג־טעגלעך, און וואָס ווייטער האָבן זיי געדויערט אַלץ לענגער. די אַלאַרם־שעהן זיינען געווען שעהן פון טיפסטער פרייד און דערהויבענעם נקמה־געניס.

קיין סך האָט דער לאַגער־ייד ניט געדאַרפט בכדי זיך צו פרייען. א פע־טע גערדיכטע זופּ איז אויך געווען א יום־טוב. א שטיקל פלייש אין שיסעלע — א יום־טוב; א פּאָר ווארעמע טיכלעך אויף די פיס — א גרויסער יום־טוב. אזעלכע צופעליקע מתנות פון גורל האָבן געבראכט דעם מענטשן א סך מער פרייד פון טויזנטערליי קאָסטבאַרקייטן אין נאָרמאַלן לעבן. דאָס געפיל פון גליק איז רעלאטיוו, אין לאגער האָט מען גליקלעכע מינוטן נאָך שאַרפער געפילט.

צו אונדז אין לאגער איז אָנגעקומען א טראַנספּאָרט פון יידישע פרויען. יעדער איז געלאָפן זען, אפשר איז צופעליק זיין פרוי אויך צווישן די אָנגע־קומענע. ס׳רוב זיינען דאָס געווען יידישע פרויען פון אונגארן, וואָס זיינען אדורך די זיפּ פון אוישוויץ און געשיקט געוואָרן אַהער אויף אַרבעט. אָנגעקומען זיינען זיי אויסגעדארטע און פארפינצטערטע, מיט אָפּגעשאָרענע קעפּ און לאנגע אומגעלומפּערטע קליידער, און דעריבער זיינען זיי געווען אלע ענלעך איינע צו דער צווייטער. מען האָט ניט געקאָנט זאָגן ווער פון זיי איז שיין און ווער — ניט, וועלכע איז יונג און וועלכע איז אַלט. זייער פרויאישקייט האָט זיך ניט ארויסגעזען פון זייערע אומגעלומפּערטע טוא־

לעטן, און ניט ווייסנדיק פּאַרויס, וואָלט שווער געווען צו זאָגן, ווער זיינען זיי — מענער אָדער פרויען.

ס׳איז אַוועק א מאָנאַט־צוויי און זיי האָבן זיך ערהאָלט, צוגעפּאַסט זיך שנעלער צום לאַגער־לעבן ווי די מענער. די האָר זיינען אָפּגעוואַקסן, די קליידער האָבן זיי אליין איבערגענייט און צוגעפּאסט צום קערפּער, און יעדע פון זיי האָט באקומען איר אינדיווידועלן אויסזען. זיי האָבן לייכטער געאַרבעט און בעסער געגעסן, און פון דער גרויער איינטאָניקער פרויען־מאַסע האָבן זיך ארויסגעשיילט יונגע שיינע מיידלעך מיט לעבעדיקע אויגן און זאפטיקע געלעכטערס.

פון מענער־לאגער זיינען זיי געווען אָפּגעטיילט מיט א שטעכיקן דראָט און האָבן ניט געטאָרט טרעפן זיך און ריידן מיט די מענער. צוויי דייטשע פּראָסטיטואירטע ס.ס.־מיידלעך זיינען געווען זייערע אויפזעערינס און געזאָרגט, אז די יידישע מיידלעך זאָלן זיך אָנשטענדיק אויפפירן... זיי האָבן די פרויען ניט געשלאָגן, אָבער ווען א מיידל האָט זיך דערלויבט צו ריידן מיט א מאַן, האָט מען איר ווידער אָפּגעשניטן די האָר און אוועקגעשיקט אויף שווערע ארבעט.

צו אונדז אין אמבולאַטאָריע, זיך היילן, פלעגן זיי קומען גרופּעסווייז, אין באַגלייטונג פון אן אויפזעער. די פרויען האָבן וויניקער געקרענקט און די שטערבלעכקייט צווישן זיי איז געווען א מינימאַלע. אז מיר האָבן געקוקט אויף די פרויען ווי גיך זיי האָבן זיך ערהאָלט און ווי גוט זיי זעען אויס, האָבן מיר אָנגעהויבן האָפן, אז אונדזערע פרויען גייט עס ניט ערגער אין יענעם אומבאַקאַנטן לאַגער, וווּ זיי געפינען זיך אַצינד.

איינצלנע פרויען האָבן געשטאַמט אזש פון אינדזל ראָדאָס. די הויכע שלאַנקע בלאסע פרויען מיט זייערע צאַרטע פּנימער און גרויסע שווארצע אויגן, האָבן אויסגעזען ווי טראָפּישע פלאַנצן אין קאַלטן צפון. זיי האָבן זיך געקאָרטשעט פון קעלט און געוועלקט, ווי צאַרטע בלומען אָן א טראָפּן וואסער.

פון די ניי־אָנגעקומענע יידן־טראנספּאָרטן האָבן מיר זיך דערוווּסט פון יידישע צרות אויף דער גאנצער וועלט. מער ווי דריי יאָר זיינען מיר געווען אָפּגעריסן פון אנדערע יידישע קיבוצים, און מיר האָבן זיך געמוזט באַגנוגענען מיט ניט קאָנטראָלירטע קלאַנגען, וואָס זיינען דערגאַנגען צו אונדז פון צווייפלהאַפטע מקורות.

נאָך אין 1942/43 האָבן זיך אין געטאָ פאַרשפּרייט האַרטנעקיקע קלאַנגען וועגן א יידישער מדינה אין ארץ־ישראל. דאָס גאַנצע געטאָ האָט גערעדט פון רוזוועלטס און טשערטשילס פייערלעכע דעקלאַראַציעס. עס האָבן זיך דאן געפונען יידן, וואָס האָבן דאָס כלומרשט אליין אין ראַדיאָ געהערט. א פּאָר יאָר האָבן מיר געלעבט מיט די אילוזיעס און האָבן אין דעם לחלוטין ניט גע־צווייפלט. מיר זיינען געווען זיכער, אז מיר אליין וועלן שוין קיין בירגער פון דער יידישער מדינה ניט זיין, אָבער צו יידן איז דאָך געווען לייכטער.

איינמאָל איז צו אונדז אין שפּיטאָל אריין א ייד און גענומען ריידן אין א פּערלדיקן העברעאיש. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס איינער פון די פירנדיקע ציוניסטן אין סלאָוואַקיע. מיט א פּאָר מאָנאַט פריער, האָט ער נאָך קאָרעספּאָנדירט דורך שווייץ מיט ארץ־ישראל, און ער ווייס אלץ וואָס עס טוט זיך ביי יידן אין דער גרויסער וועלט. מיר האָבן אים אריינ־געכאַפּט אין אונדזער צימערל ווי אן אבן־טוב, און ער האָט אונדז דער־ציילט און דערציילט אָן א שיעור.

שווערע אַנטוישונגען. צום ערשטן מאָל האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז די וועלט ווייס גענוי אונדזער לאַגע און דאָך טוט זי גאָרניט. ער אליין האָט איבערגעשיקט קיין שווייץ גענויע ציפערן פון די אומגעקומענע מיליאָנען אין אוישוויץ מיט געצייכנטע פּלענער פון אוישוויצער קרעמאַטאָריומס און גאַז־קאַמערן. דורך געהיימע קאַנאַלן איז ער געווען פאַרבונדן מיט דייטש־פיינט־לעכע קערפּערשאַפטן און זיך גענוי אינפאָרמירט וועגן דער יידישער קאַ־טאַסטראָפע אין אלע דייטשע אָקופּירטע געביטן. אָבער זיינע באַריכטן וועגן ארץ־ישראל האָט אונדז אינגאַנצן צעבראָכן. צום ערשטן מאָל האָבן מיר זיך דערוווּסט פון ווייס־בוך, סטרומע, מאוריציוס, פאַרמאַכטע טויערן און דער־טרונקענע שיפן. מיר האָבן זיך דעם טאָג געפילט ווי אָפּגענאַרטע און פאַר־לאָזענע פון דער גאַנצער וועלט. אזוי פיל האָפענונגען געלייגט אויף די ענגלענדער און די אַמעריקאַנער, געמאַכט זיך אילוזיעס, געמיינט אז ערגעץ־ווו זאָרגן וועגן אונדז פריינט און פאַרבינדעטע. און וואָס איצט? שטייען מיר דען ווידער איינזאַם און הימלאָז ביי דער לײדיקער קאָרטע?

מיט דעם סלאָוואַקישן יידן האָב איך מיך שטאַרק באַפריינדעט. ער האָט פאַרמאָגט א וואַרעם יידיש האַרץ, וואָס האָט געקרענקט און געווייטאָגט פאַר אַלע יידישע צרות.

שטיל און באַשיידן האָט ער זיינע פּערזענלעכעליידן געטראָגן, און ווי א טויב שטיל און באַשיידן פאַרשוווּנדן.

# ברויט

אונדזער געאָגראַפישע לאַגע איז געווען אן אומגליקלעכע. די פאַרבינ־דעטע אַרמייען האָבן זיך אַלץ טיפער און טיפער ארייגעשניטן אין דער דייטשער ערד. דער מערב־פראָנט האָט זיך אלץ נענטער גערוקט צו מזרח, און דער מזרח־פראָנט צום מערב. מיר זיינען אָבער געזעסן אין מיטן, אין סאַמע צענטער פון דייטשלאַנד, און פון אונדז זיינען נאָך צו ווייט גע־שטאַנען די פריינדלעכע אַרמייען, אז ס׳זאָל אונדז קלעקן כוח צו וואַרטן. די ריזיקע נצחונות פון די סאָוויעטישע און אנגלאָ־אַמעריקאַנישע אַרמייען האָבן זיך באלד אָפּגערופן אין קיך און אין ברויט־לאַגער. די ברויט־פּאָרציעס זיינען געוואָרן קלענער פון טאָג. דער זעלבער לעבל וואָס האָט זיך פריער געטיילט אויף דריי חלקים, שפּאַלט זיך שוין איצט אויף גאַנצע צען.

יעדן טאָגווארט מען אויף א גרעסערן חלק, און מען דערוואַרט זיך אויף נאָך א קלענערן פון נעכטן. פון אינדערפרי איז מען שוין געשפּאַנט אויף דאָס שטיקל ברויט. די שפּאַנונג שטייגט צוזאמען מיטן הונגער און דער־גרייכט איר הויכפּונקט ביים ברויט־פאַרטיילן. אנטוישטע בליקן פאַרפאָלגן דעם מעסער וואָס שניידט, און ציטערדיקע הענט טראָגן אוועק דינע ברויט־פּענעצלעך. א גאַנצן טאָג האָט מען געוואַרט, געשטילט דעם הונגער מיט צוזאָגן — און איצט איז ניטאָ וואָס אין האַנט צו נעמען.

יעדער איינער האָט זיך געהאַט זיין אויסגעאַרבעטע סיסטעם ווי אזוי ראַציאָנעלער און בעסער דאָס שטיקל ברויט צו פאַרצערן. לויט די פאַרשי־דענע סיסטעמען פון ברויט־עסן, האָט מען געקענט דערקענען דעם מענטשן — זיין פּסיכיק, כאַראַקטער און מענטאַליטעט. איין ברויט־עסער האָט גע־כאַפּט דאָס שטיקל ברויט מיט כעס און מיט רוגזה, אין סעקונדן ארייגגע־פּאַקט עס צווישן די ציין, באַהאַלטן אין מאָגן — און אַראָפּ פון מאַרק. איצט ווייס ער, אז מער קיין ברויט איז ניטאָ, און ניטאָ ווער עס זאָל זיך מיט אים רייצן. א צווייטער האָט געהאַלטן דאָס שטיקל ברויט מיט צאַרטע פינגער, געגלעט עס און באַקוקט פון אלע זייטן, אָפּגעלעקט פון די פינגער די אָנגע־

קלעפּטע ברעקלעך, אָפּגעבראָכן א שטיקל, אויפגעגעסן — און געוואַרט. אפשר וועט ער קענען זיך איינהאַלטן און לאָזן דאָס רעשט אויף שפּעטער. נאָך אַמאָל באקוקט וואָס ס׳איז געבליבן, ווייטער אָפּגעברעקלט א שטיקל און ווייטער געקעמפּט מיטן יצר־הרע. ביז דאָס שטיקל ברויט איז אים צע־גאַנגען צווישן די פינגער. יעדן טאָג האָט ער געהאַט צו זיך די זעלבע טענות. פאַרוואָס האָט ער ניט געלאָזט א שטיקל ברויט אויף שפּעטער. דער יצר־הרע האָט אים געשטערט ביים עסן, דעריבער האָט ער אי אויפגע־געסן דאָס גאַנצע ברויט אויף אַמאָל, אי קיין הנאה ניט געהאַט...

א דריטער כאַפּט צו דאָס שטיקל ברויט, ווי א הונט א ביין, אנטלויפט ערגעץ אין א ווינקל, קיינער זאָל ניט זען, און בלייבט מיט זיין ברויט אויג אויף אויג, ווי ער וואָלט האָבן מיטן ברויט וויכטיקע סודות. א פערטער ברויט־עסער נעמט צו דאָס ברויט גלייכגילטיק און קאַלט, מענטשן זאָלן ניט מיינען, אז ער איז אזוי להוט נאָך דאָס שטיקל ברויט. ער לייגט רואיק אריין דאָס ברויט אין קעשענע און טראָגט זיך אָפּ.

דער טראַגישסטער פון אלעמען איז געווען דער ברויט־זאמלער. אז ער כאַפּט צו דאָס שטיקל ברויט, גיט ער עס א וועג אָפּ אין האַנט און מיטן אויג א מעסט אָפּ און ער פאַרשטעקט עס גלייך, אז דער יצר־הרע זאָל אויף דעם קיין שליטה ניט האָבן. אויב עס קומט אים אויס, אריינצוגיין אין א צוויי־קאַמף מיטן יצר־הרע — גייט ער שטענדיק ארויס אַלס זיגער, און דאָס שטיקל ברויט בלייבט ווייטער ליגן ניט גערירט. ביי אים אין טאָרבע אונטערן שטרוי ליגן אויפגעקליבענע טרוקענע ברויט־שטיקלעך, ווי גאָלד־שטיקלעך אמאָל אין זיינע שופלאָדן. ווען קיינער זעט ניט, ציילט ער זיי, טאַפּט זיי און שאַצט: וויפל טעלער זופּ וואָלט ער באקומען פאַר דעם ברויט, וויפל סיגאַרעטן, ווורשט און אַנדערע קאָסטבאַרקייטן. די הנאה פון אָפּגעשפּאָרטן קאַפּיטאַל איז ביי אים געווען שטאַרקער פון הונגער־געפיל. ער האָט זיך געפילט חשובער און זיכערער און האָט געקוקט אויף אַנדערע, ווי אויף קבצנים, פון אויבן אַראָפּ. זיין גוף אָבער האָט געטריקנט און געשימלט פונקט ווי אין זיין טאָרבע דער ברויט. זיין סוף איז געווען א ביטערער. על פּי רוב פלעגט ניט ער איבערלעבן זיין ברויט, נאָר דער ברויט — אים.

דאָס שטיקל ברויט אין לאַגער איז געווען די צוזאמענגעפּרעסטע לעבנס־טאַבלעטע פאַרן גוף און דער בעסטער פּרוּוושטיין צו דערקענען די פילזייטיקע מענטשלעכע פּסיכיק.

די זופּ, וואָס מען האָט געטיילט איין מאָל אין טאָג, איז נאָך דעם ברויט געווען דער צווייט־וויכטיקער עלעמענט אין אונדזער טעגלעכן מעניו. פון ערשטן טאָג אָן איז די זופּ אין לאגער געווען דין, מאָגער און וואסערדיק. אָבער וואָס ווייטער, האָט מען אין שיסל געפונען אלץ ווייניקער האַרטע טיילן און אלץ מער — וואסער. פּראָדוקטן, ווי קאַרטאָפל, פלייש, גרויפּן, וואָס האָבן געזאָלט גיין אין קעסל, פלעגן פארשווינדן אין זייטיקע טעפּלעך פון דייטשע קאַפּאָס און אנדערע מיוחסים. אז אין קעסל האָט אויסגע־פעלט, האָט מען ווייטער צוגעגאָסן וואַסער.

צוליב עקאָנאָמישע טעמים האָט דער קאָמענדאנט באפוילן קאַרטאָפל ניט צו שיילן, נאָר אריינטאָן אין קעסל אזוי ווי זיי זיינען, מיטן זאמד און שאָלעכץ. דער זאַמד האָט געקנאַקט צווישן די ציין און מען האָט שוין פון דער בולבע קיין הנאה ניט געהאַט. בכלל איז א בולבע אין שיסעלע געווען א גרויסער געווינס. שוין אָפּגערעדט פון א שטיקל פלייש, וואָס פלעגט זיך זעלטן און אומדערוואַרט אריינגנבענען אין דעם וואַסערדיקן „יושניק״.

אין קיך האָט זיך געצויגן א ריי פארביי דעם קעסל, און יעדער האָט מיט זשעדנע אויגן און מיט בליקן פון א מענטשן וואָס בעט רחמים, געקוקט אויפן זופּן־טיילער, וואָס האָט מיט אזא לייכטקייט און אָפּוועזנדיקער מינע געשעפּט און געגאָסן דעם עלעקסיר פון לעבן. ווי נאָר דער קוכער האָט א מיש געטאָן מיט זיין לאַנגן לעפל, און די קאַרטאָפל מיט די גרויפּן זיינען ארויפגעשווומען פון אויבן — פלעגט זיך דערהערן א שטילע באַוועגונג אין די רייען. די אויגן האָבן געגומען גלאַנצן, און דאָס הארץ שנעלער קלאַפּן.

שוין פארבייגייענדיק דעם קעסל האָט דער מענטש קיין געדולד ניט געהאַט צו וואַרטן ביז ער וועט זיך אוועקשטעלן ערגעץ — און אויסזופּן זיין זופּ. גייענדיק האָט ער געשטאָכן מיט די אויגן אין טעלער, געמישט מיטן לעפל, גענישטערט און געזוכט דעם גרויסן געווינס. ברויט האָבן אלע באַ־קומען גלייכע חלקים, אָבער דאָס זופּ־פּאַרטיילן איז געווען דער אַזאַרטנער לאָטעריי־שפּיל פון לאַגער.

איינער האָט באקומען ריינע וואסער. דער צווייטער — וואסער מיט קאַרטאָפל, א דריטער האָט ארויסגעצויגן דעם גרויסן געווינס — וואסער, קאַרטאָפל און נאָך א שטיקל פלייש דערצו. זיך אוועקזעצן און אָפּעסן ווי א מענטש דאָס ביסל זופּ איז ניט געווען ווו. גיין פון קיך צו זיך אין באַראַק

איז געווען צו ווייט. האָט מען זיךאָנגעשפּאַרט ערגעץ ביי א וואַנט און אָנ־געגאָסן דעם איינגעשרומפּטן מאָגן מיט דעם ליטער וואַרעמען יושניק.

ווי וויניק ברענשטאָף דאַרף האָבן דער לעבנס־מאָטאָר פון מענטשן. א דיקע מוציא ברויט מיט א געדיכטן זופּ — און צענדליקער טויזנטער וואָלטן געלעבט, געאַרבעט, געשאַפן און געפרייט זיך מיט דער שיינער וועלט...

אויף די צוויי אויסגעדאַרטע פיס, דאָס פעניצל ברויט און וואסער־זופּ — איז ארומגעגאַנגען אין לאַגער דער הונגער.

אין נאָרמאַלע תנאים, ווען דער מענטש דערעסט ניט, פאַסט אַ טאָג אָדער צוויי, בלייבט דער גוף און זיינע וויכטיקע אָרגאַנען ניט באַרירט — נאָר א געפיל פון הונגער קומט אויף אין ליידיקן מאָגן. דער הונגער מאַכט דורך זיין עמבריאָנאַלע אַנטוויקלונג און ווערט בלויז אין מאָגן געבאָרן. אז ער וואַקסט אָבער אויס און שטעלט זיך אויף אייגענע פיס — קריכט ער ארויס פון מאָגן און, ווי א ראַק־געשוויר, פרעסט ער דורך און דרינגט אריין אין יעדן אבר. דער לאַגער־הונגער איז געווען רייף און אויסגע־כאָוועט — און דער לאַגער־מענטש האָט אים געפילט טיף אין זיך, אין זיין בלוט און מוח, אין זיין שוואַך הארץ און אין מארך פון זיינע טרוקענע ביינער. אז דער הונגער איז געוואָרן נאָך גרעסער און נאָך רייפער, האָט ער אויפגעהערט צו זיין אן אינערלעכע עמפּפינדונג און איז געוואָרן א זעלב־שטענדיק לעבעדיק וועזן, וואָס איז נאָכגעגאַנגען ווי א שאָטן דעם מענטשנס טריט.

אין מיין הונגעריקער פאַנטאַזיע פלעגט טיילמאָל דער הונגער דער־שיינען אין א טייוולשע באַשעפעניש, מיט א קליין קעפּל און שפּיצי־קע אויגעלעך. ער איז כסדר געשפּרונגען אין פּנים־אריין: טאָמער פאַר־געסטו א מינוט פון אים, איז ער ווייטער דאָ, דייַן באַגלייטער, און דו קאָנסט זיך פון אים ניט באַהאַלטן. דער הונגער איז געווען ווי א לעבעדי־קער שותף מיט וועמען דו מוזט זיך רעכענען, זיך טיילן, לאַווירן און דורכ־קומען — אַמאָל מיט גוטן, אַמאָל מיט בייזן. געגעבן האָט דער שותף גאָר־נישט, נאָר באַקומען. גענומען און געמאָנט, ווידער גענומען און ווידער געמאָנט. אז דער מענטש האָט דאָך ניט געהאַט וואָס צו געבן, האָט דער הונגער געגריזשעט די פלייש פון די ביינער, ווי א הונט גריזשעט אָפּ א צוגעוואָרפענעם קנאָכן, אויסגעזויגן פון גוף אלע זאַפטן, אויסגעזופּט ביז

א טראָפּן דאָס בלייכע בלוט פון די אָדערן, און דאָס וואָס ס'איז געבליבן, דעם הויפן טרוקענע ביינער, פאַרשאַרט אין א גרוב — און א סוף.

איין מעלה האָט ער געהאַט, דער פּאַראַזיט, ער איז ניט געווען צע־פּעשטשעט, אז מען פלעגט אים עפּעס צוואַרפן, פלעגט ער זיך א קרים טאָן און צונעמען. מיט א שטיקל פאַרשימלט ברויט און קאַרטאָפל־שאָלעכץ האָט ער אויך ניט בראַקירט. ער האָט צוגענומען, אויפגעגעסן און ווידער געמאָנט. אמאָל, פלעגט זיך איינגעבן אים אָפּנאַרן, ווי מען נאַרט אָפּ א קינד ביים איינגעבן רפואות: אז מען האָט אים אריינגעגאָסן אין האלדז א טעלער ריינע וואסערדיקע זופּ, פלעגט ער זיך אויף א האלבע שעה באַ־רואיקן און מיינען — ער האָט באַקומען עפּעס רעכטס. דערפאַר אָבער, ווען ער האָט זיך געכאַפּט, אז מ'האָט אים אָפּגענאַרט, פלעגט ער טומלען ווי א ווילדער, ניט לאָזן אַרבעטן, ניט לאָזן רוען און ניט לאָזן שלאָפן... אויפן בעטל האָט דער הונגער ניט אזוי געפּלאָגט. אז דו ליגסט אויסגעצויגן רואיק, לייגט ער זיך אויך אַוועק מיט דיר צוזאמען, און דאַן קענסטו גע־מיטלעך מיט אים פאַרהאַנדלען, ריידן, און אַמאָל איבעררײדן, ער זאָל ניט זיין אזוי בייז און שלעכט צום אָפּגעמאָגערטן גוף דיינעם.

# אויסגעברענט

דער ס.ס.־דאָקטאָר האָט זעלטן באזוכט דעם לאַגער. אז ער פלעגט פארבייגיין מיט זיינע הינט אויף יאַגד, פלעגט ער זיך ארייננכאַפּן צו אונדז, זיך גוט אויסזידלען און אוועקגיין. ער האָט זיך ניט אינטערעסירט צי מיר האָבן רפואות אָדער ניט, ווו מיר לייגן די קראנקע, ווי גרויס איז די שטערב־לעכקייט, ער האָט נאָר געשריען, אז אָרדענונג מוז זיין. די פוסטע קעסט־לעך און פלעשלעך און די פּאָר אינסטרומענטן וואָס מיר האָבן געהאַט, האָבן געדארפט זיין אויסגעשטעלט ווי סאָלדאטן אין רייען, איינער נעבן אנדערן. ס׳איז ניט וויכטיק, צי די פלעשלעך זיינען פול אָדער ליידיק, דער עיקר — עס זאָל גלאַנצן.

ער האָט שטאַרק געזאָרגט וועגן זויבערקייט אין שפּיטאָל, און דעריבער האָט ער באפוילן, אז די קראנקע טאָרן ניט ארייננגיין אין אמבולאַטאָריע אין די שיך, כדי ניט ארייננצוטראָגן קיין בלאָטע. אים האָט ניט געאַרט, צי ס׳איז קאלט אין דרויסן אָדער ניט — באפעל איז באפעל. ביים שוועל פון שפּיטאָל האָבן די מענטשן געמוזט אויסטאָן זייערע שיך: אָפּבינדן די שטריקלעך, אָפּדרייען די דראָטן, וואָס האָבן פארביטן שוך־שנירלעך, אויס־וויקלען די מידע קראַנקע פיס פון פּאַפּיר און שמאַטעס — דאָס האָט צוגע־נומען צייט און כוחות. פאר די אויסגעמאַטערטע ארבעטער איז דאָס גע־ווען א שווערע און איבעריקע פּראָצעדור. אז דער קאָמענדאנט האָט ניט געזען, האָבן מיר — אויך ניט געזען. אָבער אז ער פלעגט אונדז כאַפּן ביי דעם פאַרברעכן, און געפינען אין אַמבולאַטאָריע קראַנקע אין שיך האָט ער געבילט און געשלאָגן די מענטשן אָן רחמנות.

די אַרבעטס־פירמעס האָבן זיך אָנגעהויבן באַקלאָגן, אז יידן לייסטן ווייניק ביי דער ארבעט, זיי זיינען שוואך און קראנק און פארדינען אפילו ניט זייער עסן. אין אלע יידישע לאַגערן פון דעם געגנט האָבן זיך אָנגע־קליבן פיל הונדערטער ארבעטס־אומפעאיקע און מוסלמענער. די יידן־

רעזערוון האָבן זיך אויסגעשעפּט. נייע טראַנספּאָרטן זיינען ניט געקומען און די צאָל ארבעטער איז פון טאָג קלענער געוואָרן. אוישוויץ איז שוין געלעגן אין רוסישע הענט, און ווו זיי צו פארגאזן, די מוסלמענער, איז אויך ניט געווען. דער ס.ס.־דאָקטאָר האָט שוין געהאַט זיין פּלאַן ווי פּטור צו ווערן און אָפּרייניקן דעם לאגער פון אומנייטיקן באלאסט. פון פערטן לאגער האָט ער געמאַכט א קראנקן לאגער, געהייסן האָט דאָס, — מען שיקט אַהין די קראַנקע און שוואַכע פון אַלע לאַגערן היילן, אָפּערירן און זיך ערהאָלן, כדי ווידער צו מאַכן פון זיי געזונטע און ארבעטס־פעאיקע מענטשן.

אין איינעם א אינדערפרי איז געקומען דער ס.ס.־דאָקטאָר און באַפוילן ארויספירן אלע קראנקע און „שוינונגס־קראנקע" אויף א פּלאַץ. בלוי פון קעלט, אויסגעטריקנט ווי אָפּגעשטאָרבענע טרוקענע צווייגן, זיינען די נאַקעטע מענטשן געשטאַנען אויפן פּלאַץ, ווי עס שטייען קנעכט אויף א שקלאַפן־מאַרק און געוואַרט.

דער דאָקטאָר האָט זיך אוועקגעשטעלט אין א פּאָזע פון א גרויסן מבין אויף מענטשלעכע לייבער, ער האָט באַקוקט, געטאַפּט און פאַרשריבן. זעלטן ווען ער האָט באַרירט מיט זיינע לעדערנע הענטשקעס א יידישן גוף. געוויינלעך פלעגט ער משפטן נאָכן אלגעמיינעם אויסזען און נאָך די אויסגעסטאַרטשעטע ביינער. יעדער פון די לעבעדיקע סקעלעטן האָט זיך באַמיט אויסצוזען שטראַמער און ברייטער: פאַרריסן דעם קאָפּ ארויף, אריינגעצויגן א פולע ברוסט מיט לופט, צוזאמענגענומען די פּאָר פארבליבענע מוסקולן, כדי דער דאָקטאָר זאָל מיינען, אז ער איז נאָך א העלד און קען נאָך אַרבעטן.

יענעם טאָג האָט ער אויסגעליידיקט דעם שפּיטאָל, באפרייט די שוינונגס־באַראַקן און איבער דריי הונדערט מענטשן זיינען געווען צוגעגרייט פארן לאגער פיר.

וויפל מאָל די דייטשן האָבן שוין אונדז אָפּגענאַרט. עס וואָלט שוין צייט געווען קיין איין וואָרט זייערן ניט גלויבן, און דאָך ווילט זיך אלץ נאָך גלויבן. אפשר איז טאַקע דאָ א לאַגער וווּ מען וועט היילן און בעסער פלעגן. אפשר דערפאַר וואָס עס גייט זיי אזוי שלעכט אויף די פראָנטן, האָבן זיי זיך ארומגעזען, אז מען קען ניט לאָזן אזא מענטשן־מאַטעריאַל — די וועלט זאָל זען צו וואָס זיי האָבן געקענט דערפירן. מיר, אפילו דאָק־

טוירים, האָבן אויך אָנגעהויבן צו גלויבן אין דעם קראַנקן־לאַגער און אין זיינע היילונגס־צוועקן.

א לאסט־אויטאָ האָט געזאָלט אָפּפירן גרופּעסווייז די אָפּגעקליבענע חולאים אין לאַגער 4. איך האָב באַשלאָסן פרייוויליק צו באַגלייטן א פּאַר־טיע קראַנקע, כדי זיך צו דערוויסן גענויע פרטים וועגן דעם נייעם קראַנקן־לאַגער, ווי ער זעט אויס און ווו ער געפינט זיך.

אין אויטאָ איז געווען צוזאַמענגעוואָרפן א קרוווע ביינער. נעבן מיר איז געלעגן א בחור פון פּאַדוא, א זון פון א פּראָפעסאָר, מיט אָפּגעפּראָרענע פיס, מיט נאַקעטע ביינער וואָס זיינען ארויסגעקראָכן פון דער אָפּגעפּוילטער הויט. יעדער האָט געהאַט א קראנקן אבר, אויף וועלכן עס איז עמעצער געזעסן אָדער געלעגן, און די יללות און געשרייען פון די צוזאמענגע־קוועטשטע האָבן זיך געהערט ווייט ארום. דער משא־אויטאָ מיט די צוזאַ־מענגעוואָרפענע לעבנס האָט אויסגעזען ווי אַן אָפענער מאַסן־קבר וואָס שרייט אין דער טויבער וועלט אריין...

ווען מיר זיינען אָנגעקומען, נאָך א האַלבער שעה פאָרן, אין לאגער 4, זיינען שוין אין אויטאָ געווען צוויי טויטע און מערערע פארחלשטע.

ביים אויטאָ איז דערשינען א גרופּע געזונטע מענער. זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט אַלס די דאָקטוירים פון לאַגער. דעם עלטערן פון זיי האָב איך באלד גענומען וועגן אַלץ גענוי אויספרעגן: צי האָבן זיי גענוג רפואות אין זייער לאַגער, פאַרבאַנד־מאַטעריאַל, אינסטרומענטן, צי גיבן זיי די קראנקע מער עסן א.א.וו. ער האָט מיר געענטפערט מיט א סאַרקאַסטישן שמייכל. בעת מעשה האָט ער מיך געהאַלטן פאַר א יונגן, נאַיוון דאָקטאָר, וואָס ווייס נעבעך ניט וואָס ארום אים טוט זיך. זיי האָבן קיין זאך ניט, לחלוטין גאָרניט. ניט קיין רפואות, ניט קיין שפּיטאָל, גאָרניט. אפילו דאָס עסן ביי זיי איז נאָך ערגער און קנאַפּער ווי אין אַנדערע לאַגערן.

— און וואָס טוט איר מיט די קראַנקע? — פרעג איך זיי.

— מיר לייגן זיי אַוועק אין די ענגע פינצטערע באַראַקן, ביז זיי ווערן אָפּגעקילט און באַפרייען די ערטער פאַר נייע טראַנספּאָרטן...

פון דעם קורצן געשפרעך מיטן עלטערן דאָקטאָר איז מיר מיט אמאָל אַלץ קלאָר געוואָרן. אין דעם לאגער האָבן „געלעבט" לעבעדיקע און טויטע. די ערשטע האָבן זאַט געגעסן, געאַרבעט, געווען גוט געקליידט און פאַרזאָרגט, די צווייטע — זיינען געשטאָרבן און האָבן געגעבן ארבעט און חיונה די לעבעדיקע. איבער 40 דאָקטוירים, די מערהייט פון אונגארן און

טשעכאָסלאָוואַקיע, זיינען געווען באַשעפּטיקט, אָדער ריכטיקער — ניט באַ־שעפּטיקט, ביי די פּאָר טויזנט קראַנקע. אויסער די דאָקטוירים האָבן אין דעם לאַגער געלעבט אַ פּאָר צענדליק בלאָקאָווע, קוכערס, קאַפּאָס און אַ טויטן־קאָמאַנדע. די טויטן קאָמאַנדע האָט זאַט געגעסן אָבער שווער גע־אַרבעט. איבער פופציק טויטע אַ טאָג האָט מען געדאַרפט אַרויסטראָגן פון די באַראַקן, לאָדן אויף פורן, שלעפּן די פורן, גראָבן די גריבער און באַהאַלטן.

אין מינוטן זיינען די ניי־אָנגעקומענע פאַרשווונדן, מיר האָט מען אָבער ניט דערלויבט אַריינקוקן ווי און וווּ די מענטשן ליגן. נאָר פון ווייטן האָב איך געזען אָפענע טירלעך, ווי פינצטערע מיילער, וואָס האָבן זיי פאַר־שלונגען, און נידעריקע דעכער האָבן זיך אויסגעשפּרייט איבער זייערע פאַרפּייניקטע גופים, ווי אַ פינצטערע נאַכט איבער אַ בית־עולם.

אַז איך בין געקומען צוריק צו זיך אין לאַגער, האָבן מיר די חולאים, וואָס האָבן געוואַרט אויפן צווייטן טראַנספּאָרט, באַגעגנט מיט גרויס שמחה. מיין קומען צוריק האָט אין זיי געשטאַרקט דעם גלויבן, אַז דאָס מאָל דווקא נאַרט מען זיי ניט אָפּ, און אַז זיי פאָרן באמת אין אַ לאַגער פאַר קראַנקע. אין די אויגן זייערע האָט שוין געפינקלט דער גלאַנץ פון אַגאָניע. אָבער ס'איז זיי לייכטער געוואָרן, ווי עס ווערט לייכטער דעם מענטשן פאַר זיין טויט. זיי פאָרן זיך היילן...

איך האָב מיינע חברים אָפּגעגעבן אַ גענויעם באַריכט פון מיין רייזע. די קראַנקע האָב איך באַרואיקט, אַז איך האָב אַליין מיט מיינע אויגן געזען דעם לאַגער, די דאָקטוירים א.אַ.וו. זיי האָבן מיר געגלויבט און מיט לייכ־טערע פיס געשטיגן אין אויטאָ.

צי זיי וואָלטן געבליבן ביי אונדז אין לאַגער אָדער ניט — זייער גורל איז שוין סיי ווי געווען געחתמעט דורך זייער האָפענונגסלאָזן צושטאַנד און דורך דעם ס.ס.־דאָקטאָר. מיין פליכט אַלס דאָקטאָר און מענטש איז דאַן געווען זייער וועג לייכטער מאַכן, זיי טרייסטן, באַרואיקן און אָנצינדן דאָס פייערל פון בטחון אין די אויסגעלאָשענע האַלב־טויטע אויגן.

# לויטער אַבסורדן

ווען אונדזער ערשטער קאָמענדאנט איז דערהרגעט געוואָרן דורך אן אמעריקאנער באָמבע, איז געקומען אן אנדערער אויף זיין אָרט. די באַציאונג פון נייעם קאָמענדאנט צום לאגער, זיין באנעמונג און האלטונג איז פאר אונדז געווען גאָר ניי, אומגלויבלעך און אומפארשטענדלעך. מיר זיינען ניט געוווינט געווען צו א מענטשלעכע באַציאונג פון א ס.ס.־מאַן און מיר האָבן צו אים געהאַט א גרויסן חשד. ער האָט זיך ארויסגעזאָגט פאר יידן, וואָס האָבן געארבעט ביי אים, אז ער איז טיף דערשיטערט פון דער אָרדענונג אין לאגער, ער וויל און מוז פארבעסערן אונדזער לאגע. ער האָט צוזאמענגערופן צו זיך אין צימער די דאָקטוירים, בלאָקאָוועס און קיך־פערסאָנאַל און האָט געבעטן, מיר זאָלן זיך ארויסזאָגן וועגן דעם ווי אזוי צו פאַרבעסערן די לעבנס־באַדינגונגען אין לאַגער און ווי צו פאַרקלענערן די שטערבלעכקייט.

עס האָט אויסגעזען ווי א חלום: אַן אסיפה פון ארעסטאַנטן, יעדער נעמט א וואָרט, זאָגט ארויס זיין מיינונג, ער הערט זיך צו און ענטפערט.

אין א געשפרעך מיט א יידן, אויג אויף אויג, האָט ער דערציילט, אז ער האָט באקומען א בריוו פון זיינעם א ברודער וואָס געפינט זיך אויפן פראָנט; דער ברודער שרייבט צו אים — ער זאָל, אַלס קאָמענדאַנט פון א יידן־לאַגער, זיין פאָרזיכטיק און געדענקען, אז רוזוועלט האָט צוגעזאָגט באַ־שטראָפן די אַלע, וואָס האָבן מיט זייערע הענט געפייניקט יידן. איך ווייס ניט, צי די סיבה איז געווען דער בריוו, אָדער דער נאָענטער צוזאַמענברוך אויף די פראָנטן; אָבער אז ער האָט געהאַט א גוטן ווילן, איז גאָר קיין ספק ניט. בלויז דריי וואָכן האָט ער זיך איינגעהאַלטן ביי אונדז. און ווייל דער מענטש איז ביי אים ארויסגעקראָכן פון זיין ס.ס.־אוניפאָרם — האָט ער געמוזט פאַרלאָזן זיין פאָסטן.

אויף זיין אָרט איז געקומען אן אלטער יעקע פון איבער 60, פון א הויכן מיליטערישן ראַנג מיט גרויסע פארדינסטן פארן פירער און פאַרטיי.

ער איז געווען פון די ערשטע וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און דערפאַר געווען א טרעגער פון דעם בלוט־אָרדען. אויסגעזען האָט ער ווי א יעוונוך, מיט א גלאַטן אָן־האָריקן פּנים, מיט א בלאַסער צעקנייטשטער הויט, מיט א דין און הויך קול, ווי ביי א פרוי. זיין אַלטן פאַרוועלקטן קערפּער האָט ער איינגעפּרעסט אין א ענגע גאַלאַ־אוניפאָרם מיט גלאַנציקע שטיוול, און גייענדיק דורכן לאַגער האָט ער זיך באַמיט מיט זיינע לעצטע כוחות אויסצוזען מענלעך, שטראַם און מיליטער־מעסיק, ווי עס פּאַסט פאַר אזא בכבודיקן פּאַרטיי־מאַן און אָפיצער.

פון פאַך איז ער געווען א שוסטער, און עס פלעגט אים כסדר ציען אין דער שוסטעריי פון לאגער. אונדזערע שוסטער האָבן געזאָגט, אז ער איז א גוטער פאַכמאַן און א גרויסער מבין אויף שיך און לעדער. אין שוסטע־ריי איז ער שוין ניט געווען אזוי אָנגעצויגן און שטרענג, ער פלעגט דאָרט א סך ריידן און זיך פילן ווי ביי זיך אין דער היים...

ער האָט זיך ווייניק אינטערעסירט מיט לאגער־ענינים, אָבער ווי יעדער זקן האָט ער געהאַט זיינע קאפּריזן, און אויף זיי פלעגט ער באשטיין מיטן גרעסטן עקשנות. פון אונדז האָט ער געפאָדערט, מיר זאָלן יעדן טאָג ארויסטרייבן די קראנקע אין דרויסן אויף א שפּאַציר. „פרישע לופט מוזן זיי אָטעמען!" פלעגט ער אלץ טענה׳ן. איינמאָל האָט ער מיר געלייענט א לעקציע, ווי וויכטיק פרישע לופט איז פארן מענטשן... ער איז געווען איבערצייגט, אז אויב די קראנקע וועלן יעדן טאָג שפּאצירן, וועלן זיי אויפ־הערן צו שטאַרבן. אנדערע סיבות פון טויט האָט ער ניט געזען. נאָר פרי־שע לופט! — דאָס איז געווען זיין פיקס־אידייע. טאָמער זיינען יידן געווען אזוי שוואַך, אז מען האָט ניט געקאָנט אראָפּקריכן פון די נאַרעס, איז ער געווען שטאַרק אין כעס. ער פלעגט זיך אזוי פאַנאַנדערשרייען מיט זיין קוויטשיק קול, אז ער האָט פארלאָרן די שפּראַך, און די דאָפּלטע מאָרדע זיינע האָט זיך געטרייסלט פון אויפרעגונג.

זיין געהילף, וואָס איז געקומען מיט אים, איז געווען א טיכטיקער מאַן אין די מיטעלע יאָרן; ער האָט זיך אינטערעסירט מיט דער לאַגער־נויט און זיך באַמיט אויסצובעסערן אלץ, וואָס עס לאָזט זיך. ער איז פון נאַטור געווען א שווייגער, אָבער זיין שווייגן איז געווען א סך מער ווי גע־רעדט. מיר האָבן געפילט, אז דער מענטש האָט גאָרניט געמיינזאַמעס מיט די באַנדיטן, ער איז צופעליק געשיקט אויף דעם פּאָסטן און באַמיט זיך

צו טאָן דאָס וואָס ער קאָן. אָבער איין שוואלב ברענגט ניט דעם פרילינג, דער רעזשים איז געווען פון אויבן ביז אונטן אזוי דורכגעפרעסן פון סאַ־דיסטן, מאסן־מערדער און דעגענעראטן, אז יחידים מיט הארץ און גוטן ווילן זיינען דערטרונקען געוואָרן אין דעם זודיקן ים פון מענטשלעכער רשעות.

אונדזערע לאגערן זיינען געלעגן צופוסנס פון די פּאָדערשטע אלפּן. אין דורכזיכטיקע, זוניקע ווינטער־טעג האָבן מיר געזען פון ווייטן די לאנגע און הויכע באַרגיקע קייטן, אויסגעפּוצטע אין ווייסע שניי־קאַפּושאָנען. אין אזעלכע העלע טעג האָב איך געזוכט א פרייע מינוט ארויסצוקוקן דורכן דראָט אויף די ריזיקע בערג און באוואונדערן די אומגעצוימטע רחבות. ווי גוט עס איז דאָרטן אויבן, אויף די שנייאיקע שפּיצן פון די אַלפּן. איינער פון די לאגער־הינט האָט איינמאָל געזען, ווי איך שטיי אזוי ביים דראָט און שיק מיינע בליקן צו די בערג. מיט איראָניע האָט ער מיך געפרעגט: צו־ליב וואָס שטיי איך ביים צוים, צי וויל איך ניט אַנטלויפן? איך האָב ניט געוואָלט זיך אריינלאָזן מיט אים אין לאַנגע שמועסן און געענטפערט:

— צו מיין באַדויערן האָב איך ניט ווהין צו לויפן, די בערג זיינען א ביסל צו ווייט. דו ווייסט דאָך, זאָג איך, אַז א פאַרצאַמטער לייב שטייט אַלעמאָל ביי דער גראַטע.

ער איז געווען צופרידן מיט מיין ענטפער און מיך געלאָזט צורו.

דער ראָטן־פירער, דער געוועזענער קאָוונער פורמאן, וואָס האָט זיך געהאלטן פאר אונדזערן א קרוב, איז געוואָרן א צו אָפטער גאסט אין שפּי־טאָל. וואָס גרעסער די דייטשע מפּלות, אלץ אָפטער פלעגט ער אריינגיין, גוטמוטיק שמועסן, געבן א סיגארעט, און דערציילן פון זיין ווייב, וואָס ער וויל אָפּגטן און זיינע אנדערע צרות. עס האָט שוין אזוי שלעכט געהאַלטן אויף די פראָנטן, אז ער פלעגט זיך לאָזן פון אונדז באהאנדלען און בגניבה אפילו ברענגען צו אונדז פאציענטן פון דער ס.ס.־וואך. ער האָט שוין ניט באהאלטן זיין צוטרוי צו יידישע דאָקטוירים, און ביי יעדער געלעגנהייט אונדז געמאַכט רעקלאמע.

איך האָב יעדן אָוונט בשתיקה געמוזט מאכן מאסאזש דעם געהילף פון קאָמענדאנט, קיינער זאָל ניט זען און ניט וויסן דערפון. אז איך בין געווען ביי אים אין צימער און עס פלעגט אריינגיין עמעצער פון די דייטשן, האָב איך געמוזט מאַכן אַן אָנשטעל, אז איך בין צופעליק געקומען עפּעס פרעגן און בין באַלד ארויס.

איינעם אַן עלטערן יעקע פון די וואַך־פּאָסטנס האָב איך געמאַכט איינ־שפּריצונגען. דער יעקע האָט מיר געוואָלט צוליב טאָן און יעדעס מאָל ווען איך בין געווען ביי אים, פלעגט ער זידלען און שילטן דעם פירער מיט טויטע קללות. איך פלעג אַלץ מורא האָבן עס זאָל נאָר ניט הערן עמעצער פון די שכנים. צווישן זיך האָבן זיי נישט געוואַגט צו שפּאַלטן דאָס מויל קעגן דעם פירער און זיין פּאָליטיק. אָבער מיט א יידן, האָבן זיי געוווסט, קענען זיי זיך אויסריידן וויפל זייער האַרץ גלוסט. דער ייד וועט קיינעם ניט דערציילן, נאָר אדרבא, הנאה האָבן דערפון.

ער האָט געגנוי געוווסט, וואָס זיינע חברים האָבן געטאָן מיט אונדז, יידן, אין פּוילן, ליטע און אנדערע לענדער. „מיר וועלן דערפאַר באַצאָלן", האָט ער אַלץ געטענהט. איך בין ניט זיכער צי זיינע קוילן האָבן ניט געצילט אין יידישע הערצער, אָבער איצט זעט שוין דער דורכגעטריבענער יעקע ווו זיי האלטן אין דער וועלט, האָט ער חרטה און לאָזט זיך ווויל גיין אויפן חשבון פון זיין פירער.

דער דייטשער כוח איז געבראָכן. די רוסישע און אנגלאָ־אמעריקאנישע אַרמייען שטייען שוין מיט א פעסטן פוס אויפן דייטשן באָדן. אָסט־פּרייסן — דער נעסט פון דייטשן יונקערטום, ליגט צעטראָטן אונטערן רוסישן שטיוול. די אנגלאָ־אמעריקאנער דערנענטערן זיך צום רהיין. דייטשלאנד ווערט אויף דער קאַרטע אַלץ מער צוזאמענגעדריקט און שמעלער, און קיי־נער צווייפלט שוין ניט מער אין איר באלדיקער קאַפּיטולאַציע.

אָבער מיר, וואָס האָבן מיר דערפון? דער שטרענגער בייערישער ווינטער מיט זיינע ברענענדיקע פרעסט און שניי־זאווערוכעס האָט זיך גע־נומען צו אונדז אָן רחמנות. ווילדע ווינטן האָבן געבושעוועט און געריסן די דעכער פון די קאַלטע באַראַקן, ווו מענטשן האָבן זיך געקאָרטשעט פון קעלט און געגליוערט, ווי געגליוערט עס האָבן די בלאָטעס פון לאַגער. א טיפער שניי האָט צוגעדעקט און באַפּוצט דעם לאַגער־עלנט, נאָר די שוואַרצע, אָפענע טירלעך, ווי שוואַרצע קראָען, האָבן אריינגעקוקט אין די באַראַקן און געזען וואָס אונטערן שניי טוט זיך. דאַכט זיך גאָר ניט לאַנג האָט דער ס.ס.־דאָקטאָר אויסגערייניקט דעם לאַגער פון אַלע שוואַכע און קראַנקע, און שוין איז ווידער פול דער שפּיטאָל און ניטאָ ווו צו לייגן. א צענדליק באַראַקן זיינען פול מיט חולאים וואָס ארבעטן ניט, ליגן און

פירן אין זייערע לויזיקע בגדים, ביז זיי פאַרפירן ווי נאַסע זעק אויף א שנײדיקן פראָסט.

אונדזער נייער קאָמענדאַנט האָט אַריינגעבראַכט וויכטיקע ענדערונגען אין דער פּראָצעדור ביים באַפרייען פון דער אַרבעט. ער האָט זיך ניט גע־מישט אין אונדזערע ענינים און ניט געזאָגט קיין דעה. האָבן מיר גענומען באפרייען ניט בלויז די יעניקע, וואָס זיינען געקומען אונדז בעטן. יעדן פריי־מאָרגן, ווען אַרבעטער־קאָלאָנעס האָבן אַרויסגעמאַרשירט צו דער אַרבעט, פלעגן מיר שטיין ביים טויער, אויספישן פון די רייען און באַפרייען יידן, וואָס זיינען שטאַרק אָפּגעמאַגערט, וואָס הינקען אָדער וואָס זיינען סתם שוואַך.

ס'איז ניט געווען אַזוי לייכט און פשוט. געזונט און קראַנק זיינען דאָך רעלאַטיווע באַגריפן. יעדער געזונטער אין לאַגער וואָלט אין נאָרמאַלע צייטן געווען פאַררעכנט פאַר א חולה מסוכן און געמוזט לעבן אין א סאַנאַ־טאָריע. דעריבער, אַז מיר, יידישע דאָקטוירים, זיינען געוואָרן די דעה־זאָגער איבער אַרבעט און פריי־זיין, זיינען מיר געשטאַנען אין זייער א שווע־רער און אײדעלער סיטואַציע. אַלע אָן אויסנאַם זיינען געווען שוואַך און קראַנק. מיט רעכט האָט קיינער ניט געוואָלט אַרבעטן. צו פיל שפּאַנען אונדזער פּריווילעגיע און ברייט אויסנוצן אונדזער מאַכט איז געווען פאַרן לאַגער געפערלעך. דעריבער האָבן מיר כסדר געמוזט לאַווירן און קאָמבי־נירן, כדי די וואָס מוזן, זאָלן זיין פריי, און די וואָס קענען נאָך, זאָלן אַרבעטן.

א דאַנק אונדזער קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט האָבן מיר גע־קאָנט גיין אויף דעם שווערן מאָראַלישן וועג און ניט געשטרויכלט ווערן דערביי. נעמען אויף זיך די גרויסע אחריות איז געווען שווער, אָבער אָראָפּ־נעמען פון זיך די לאַסט, זיך אָפּזאָגן פון דער פּריווילעגיע און איבערלאָזן די אַנטשיידונגען אין דייטשע הענט, וואָלט געווען א פאַרברעכן. מיר אַליין האָבן באַפרייט די יידן פון דער אַרבעט, לויט אונדזער איינזען און לויט אונדזער פאַרשטאַנד. דער דעוויז ביי יעדער באַפרייאונג איז אַלעמאָל גע־ווען דער זעלבער: וואָס לענגער און וואָס מערער יידן אויפהאַלטן ביים לעבן.

נאַרישע יידן, וואָס האָבן געשטאַמט פון אַזעלכע מקומות, ווו מיט שוחד קאָן מען צוקומען אפילו צו א מיניסטער, האָבן ניט געגלויבט, מען זאָל דעם דאָקטאָר אין לאַגער ניט קענען אונטערשמירן, כדי צו ליגן אין שפּיטאָל דאַן, ווען מען דאַרף ניט, אָדער באַקומען אַן איבעריקן פרייען טאָג ווען עס

קומט זיי ניט. זיי האָבן ניט פאַרמאָגט קיין געזעלשאַפטלעכן אחריות־געפיל און ניט פאַרשטאַנען, אַז אויב זיי וועלן סתם פאַרנעמען א שפּיטאָל־בעטל, וועט א צווייטער ייד אויסציען די פיס ביי דער אַרבעט. אַנדערע האָבן זיך געלאָזט דערקלערן, האָבן פאַרשטאַנען אונדזער לאַגע און ניט געפּלאָגט אונדז מיט אומנויטיקע בקשות.

אמאָל פלעגט אריינגיין א ייד און וועלן איינרוימען דעם דאָקטאָר א סוד אויפן אויער, כאילו ער האָט עפּעס וויכטיקס צו זאָגן. דער סוד איז אלעמאָל געווען דערזעלבער: ער וויל מיר געבן זיינע גאָלדענע ציינער א מתנה, אָפּשרייבן א האַלבע הויז אין בודאַפּעשט אויף מיין נאָמען, אָדער אוועקשענקען זיינע קאַפּיטאַלן, וואָס ליגן ערגעץ־ווו אין אויסלענדישע בענק.

די יידן, וואָס פלעגן קומען צו אונדז מיט אזעלכע מיאוסע סוחרישע אָנבאָטן, האָבן גאָרניט פאַרשטאַנען דעם אומזין פון זייערע פאָרשלאָגן און ניט באַגריפן ווי טיף און ווייטאָגדיק זיי האָבן אונדז באַליידיקט. האָבן זיי טאַקע באקומען אזא מפּלה, אז א צווייטן מאָל פלעגן זיי אריינגיין צו אונדז שולדיקע און זיך שעמען ווי גנבים...

די פיר יאָר הינטער שטעכיקע דראָטן האָבן אַטראָפּירט און אָפּגעטויט אין אונדז א סך פון די נאָרמאַלע מענטשלעכע חושים. דערפאַר אָבער זיי־נען אין אונדז געבאָרן געוואָרן און זיך אנטוויקלט נייע עמפּפינדונגען און נייע זעלישע רעזענאַטארן, וואָס פלעגן ווי די פּילבאַרסטע מעמבראַנע דער־פילן יעדן לייכטסטן שאָרך פון קומענדיקע ענדערונגען אָדער געפאַרן. א טייל פון אונדזערע נערוון־שפּיצן זיינען צוליב היפּער־אקטיוויטעט גע־וואָרן אָפּגעטעמפּט און ניט עמפּפינדלעך, אָבער אנדערע נערוון זיינען גע־וואָרן נאָך מער צוגעשפּיצט און אָנגעשאַרפט, און יעדער נערוו האָט געצוקט, ווי עלעקטרישער טאָק ביי יעדן לייכטסטן רייץ.

אלע דערשיינונגען אין אונדזער לעבן האָבן געהאַט איין מעלה — זיי זיינען געווען ניט אין קיין סטאַטישן צושטאַנד, זיי האָבן זיך כסדר באַ־וועגט אין א באַשטימטן ריטם. און דעם ריטם האָבן מיר אַלעמאָל געפילט פאָרויס.

אז די לידן האָבן אָנגעפילט אונדזער לעבן מיט א קויפּ און מער איז ניט געווען ווו אריינצוגיסן, פלעגן זיך דאַן די לידן אריבערגיסן אין אַן אנ־דער כלי און עס פלעגט ווערן לייכטער. אויב מיר האָבן געפילט, אז די צרות זיינען דערגאַנגען צו זייער גרענעץ און ווייטער קען די שפּאַנונג ניט

אָנהאַלטן, האָבן מיר גלייכצייטיק געוווסט, אז עס מוז און וועט פּלאַצן. אזוי צי אזוי, ווי ס׳זאָל ניט זיין, וועט זיך עפּעס ענדערן.

דער כסדר וואקסנדיקער הונגער, די אָפּגעפּראָרענע גלידער, די פּאר־לויזטע צעפּרעסענע גופים, די קרוועס צוזאמענגעוואָרפענע מתים ביים קלאָזעט, — אלץ צוזאמען האָט געבראכט דעם לאגער צו א ברעג. ווייטער איז ניטאָ וווהין. עס איז צו פיל. עס מוז פּלאַצן. און עס האָט טאַקע גע־פּלאַצט — און אונדזערע ליידן האָבן זיך ארייננגעגאָסן אין א נייער כלי.

אין דעצעמבער 1944 זיינען אלע דאכאוער יידישע לאגערן געוואָרן אזוי שיטער, אז די קאָמענדאנטור האָט באשלאָסן פּאנאדערטאַשן די מענטשן, צוזאמענגיסן אין לאגער מיטן צווייטן און רעדוצירן די אלגעמיינע צאָל פון די לאגערן.

פון אונדזער לאגער 2, האָט מען ארויסגענומען די פּאָר הונדערט כלו־מרשט געזונטע און אוועקגעשיקט ערגעץ־ווו ביים טשעכישן גרענעץ, אויף ארבעט אין זאלץ־גריבער. אין לאגער זיינען נאָר געבליבן א פּאָר הונדערט חולאים און קאליקעס, און צוזאמען מיט זיי — א צענדליק געהילף־פּערסאָ־נאַל און דאָקטוירים. די געזונטע, וואָס האָבן יאָ געקענט בלייבן, האָבן מורא געהאַט צו טיילן דעם גורל פון די קראַנקע און זיינען אויך אוועק.

דער לאַגער איז געוואָרן פּוסט. נאָר חולאים, וואָס קענען זיך נאָך באַ־וועגן, גייען ארויס אין דרויסן, גלייכן אויס די אָפּגעלעגענע ביינער און לופ־טערן דורך זייערע איינגעפאַלענע לונגען מיט דער ריינער פּראָסטיקער לופט. קיינער אין לאַגער ארבעט ניט. די פליייש־מאַשין, וואָס האָט אין משך פון א האַלב יאָר געריבן מענטשן צו שטויב, האָט אויפגעהערט צו מאָלן. די וואָס זיינען שוין געווען צעריבן פון פריער, זיינען שטילערהייט אויסגע־שטאָרבן. די לייכטערע חולאים זיינען געלעגן, גערוט און א ביסל בעסער געגעסן. די עס־פּראָדוקטן, וואָס זיינען געווען צוגעגרייט פאַר א גרעסערע צאָל מענטשן בלויז אויף צו הונגערן, האָבן געקלעקט פאר די ווייניק פאר־בליבענע, זיי זאָלן ווי עס איז קענען דערהאַלטן אין גוף די נשמה.

מיר, דאָקטוירים, האָבן אויך ווייניק געארבעט. די לעצטע פּאָר וואָכן האָבן מיר געפילט, אַז לאַנג וועלן מיר דאָס ניט אויסהאַלטן. אויסער דעם, וואָס אונדזער אַרבעט האָט געפאָדערט גרויסע פיזישע אָנשטרענגונגען, האָט זי אונדז זעליש אינגאַנצן צעקוועטשט און די נערוון צעריסן. עס זיינען גע־ווען טעג, ווען איך האָב געפילט, אז איך וועל דאָס ווייטער ניט מיטמאַכן.

אָדער איך וועל ווערן א געפּיללאָזער ראָבאָט, אָדער איך וועל פּלאַצן. איצט, אין די רואיקע דעצעמבער־טעג, האָבן מיר זיך אויסגעשפּאַנט. אין די שעהן, פריי פון ארבעט, זיינען מיר געלעגן אויף די בעטלעך, גערוט און געמיטלעך געשמועסט.

אזוי ווי יעדער מידער אָרגאַן וויל האָבן זיין פלעגע און רו, אזוי וויל אויך דער מאַרך באַקומען דאָס וואָס געהערט אים. נאָך די אומגעהויערע נשמה־שפּאַנונגען און נערוון־צוקונגען, האָט דער מוח געפאָדערט אָפּוועקס־לונג און פאַרוויילונג. מיר האָבן א סך געזונגען, זיך וויצן דערציילט, גע־לאַכט און געשמועסט — פון אַלץ מיטאַנאַנדער. אזוי פיל מאָנאַטן האָט אונד־זער גאַנצע וועלט זיך געבאָדן אין בלוט און אייטער אין די ענגע ווענט פון שפּיטאָל. איצט האָט זיך מיט אַמאָל פאַרוואָלט ארויסשמעקן אין דרויסן, אָנטאַפּן דעם שניי, ברייט אריינאָטעמען די קאַלטע לופט, שטרעקן און בויגן די הענט — אז דאָס בלוט זאָל שנעלער שטראָמען און דורכוואַרעמען די אָפּ־געקילטע גלידער.

אין די שיינע ווינטערדיקע לבנה־נעכט האָבן מיר שפּאַצירט פון איין עק לאַגער צום צווייטן, נאָכדעם גוט געשלאָפן, און די נערוון האָבן זיך אוועקגעלייגט אויף זייער אָרט און באַרואיקט.

די דייטשן האָבן געפייערט זייער ווייַנאַכטן. זיי האָבן זיך אָנגעטאָן אין נייע היטעלעך, גאַנצע טעג געשכורט און געווען אין א געהויבענער יום־טובדיקער שטימונג. יעדער הונט האָט געמאַכט א פרומען פּנים, גערעדט פון גאָט, מענטשן־ליבע און מענטשן־פאַרברידערונג. איינער פון די אָנפי־רער איז ערב ניי־יאָר אריין אין שפּיטאָל, און האָט געווונטשן די קראַנקע — וואָס גיכער געזונט ווערן. ער האָט זיי געווונטשן, אז אין קומענדיקן יאָר זאָל שוין א סוף נעמען צו דער מלחמה און מענטשן זאָלן שוין לעבן צווישן זיך אין אייביקן פרידן. מיר האָבן ממש ניט געגלויבט אונדזערע אויערן. ער איז געווען שכור, און דער בראַנפן האָט פון אים ארויסגערעדט דאָס, וואָס ער וואָלט אפשר געוואָלט זאָגן, ווען ער וואָלט געקאָנט פריי ריידן...

אין משך פון די יום־טוב טעג האָבן זיך די דייטשן באַמיט אונדז ניט צו באַאומרואיקן, פאַרקערט, זיי האָבן אונטערשטראָכן, אז די טעג זיינען אַנדערע פון א גאַנץ יאָר. דער קאָמענדאַנט האָט באַפוילן, אז די קיך זאָל קאָכן א בעסערע זופּ פאַר די „לייטע" (אין די טעג האָבן מיר געהייסן „לייַ־טע") און עפּענען אויף צוויי שעה דעם פרויען־לאַגער. זאָלן די „לייטע" זיך פאַרוויילן צוזאַמען מיט די פרויען.

אין א גרויסן צימער פון וועשעריי האָבן זיך פאַרזאַמלט פרויען מיט מענער און האָבן ניט געוווסט וואָס מען הויבט אָן צו טאָן. מען האָט אָנגעהויבן זינגען — און עס זינגט זיך ניט. טאַנצן — און עס טאַנצט זיך ניט. ביז עס איז אריין דער ראָטן־פירער, שכור ווי לוט, און האָט אָנגעהויבן זינגען אלערליי פאַכאָבנע אונטערוועלט לידלעך און דערציילן אזעלכע וויצן, אז דער פנים האָט געפלאַמט פון בושה. בעסער פון אלעמען האָבן זיך פאַרווײַלט די צוויי ס.ס.־פּראָסטיטוטקעס — די אויפזעערינס. פאַר זיי האָבן די לידלעך פון דעם שכורן ס.ס.־מאַן גוט געפּאַסט. אָבער די יידישע מיידלעך האָבן זיך געקאָרטשעט פון בושה און אראָפּגעלאָזט די אויגן, כדי ניט צו טרעפן קיין מענערשע בליקן. צוויי שעה האָט געדויערט די „פאַרווײַלונג״ און מיט א געפיל פון ניט־גוטקייט איז מען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

דער בעסערער מיטאָג, די רעדע פון שכורן דייטש אין שפּיטאָל, די פאַרווײַלונג אין פרויען־לאַגער זיינען אַלץ געווען דערהויבענע אויסדרוקספאָרמען פון טיפער מענטשלעכער ליבע...

די ניי־יאָר־יום־טובים האָבן זיך געענדיקט. א פאָר טויזנט יידן זיינען ליגן געבליבן אין טיפע גריבער ניט ווייט פון לאַגער 2, און דער רעשט איז אַריבער אין לאַגער 7.

איינגעשפּאַנטע ווי די פערד אין פורן, האָבן מיר אריבערגעפירט דעם גאנצן אינווענטאַר פון לאַגער, די חפצים און אמוניציע פון אונדזערע שומרים. אליין האָבן מיר גענומען די דעקעס מיט די ליימענע שיסעלעך, און אריבער אויף דער נייער דירה.

אויסערלעך איז יעדער איינער פון די לאַגערן געווען ענלעך צום צווייטן. א הויכער שטעכיקער דראָט, טורעמס פאַר די שומרים, א טויער, עטלעכע שורות פון אונטערערדישע באַראַקן, א שפּיטאָל־באַראַק, גרינע קיך־באַראַקן, וואַש־באַראַקן און קלאָזעטן. אינערלעך אָבער האָט יעדער לאַגער געהאַט זיין מאָראל, זיין פּרצוף און זיין כאַראַקטער. דער קאָמענדאַנט מיט זיין סוויטע, די אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן זיך די ערשטע אין לאַגער באַזעצט, זיינען געווען די צוויי הויפּט־פאַקטאָרן וואָס האָבן געגעבן יעדן לאַגער זיין אינדיווידועלן כאַראַקטער. כאָטש די צוויי פאַקטאָרן זיינען געשטאַנען ווי צוויי שונאים איינער קעגן צווייטן, דאָך איז געווען א קעגנזייטיקע השפּעה און א פּערמאַנענטע איינווירקונג פון איינעם אויפן צווייטן.

די יידן וואָס זיינען געזעסן אין לאַגער 7, זיינען געקומען פון אַנדערע לענדער און דורכגעמאַכט גאָר אנדערע ליידנס־וועגן. די דייטשן וואָס האָבן ביז איצט מיט זיי פארוואלטעט, זיינען געווען די זעלבע הינט ווי אונדזערע, אָבער פון א נידעריקער ראסע. און מיר זיינען אריינגעפאלן אין א גאנץ פרעמדער לאגער אטמאָספער.

יעדער לאגער האָט געהאַט זיין אייגענעם פערסאָנאל. זיינע קאַפּאָס, בלאָקאָווע און קוכערס, זיינע אייגענע שוסטערס, פאַריקמאַכערס און דאָק־טוירים. יעדער פון דער גרופּע האָט געלעבט נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס ער איז געווען באַשעפטיקט ביי לאַגער־אַרבעטן, און ער האָט זיך געקלאַמערט מיט די ציין ניט צו פאַרלירן זיין פּאָסטן. ווערן אויס שוסטער אָדער אויס פאַריקמאַכער האָט געהייסן — גיין מיט דער לאָפּעטע און קראַפּירן.

דעריבער, אז מיר זיינען אָנגעקומען אין נייעם לאַגער, האָבן די פרי־ערדיקע באַלעבאַטים אָנגעהויבן קוקן אויף אונדז קרום. בפרט, אַז מיר זיי־נען געקומען מיט אונדזער אייגענעם קאָמענדאנט, און יעדער קאָמענדאנט האַלט דאָך אונטער זיינע יידן. זיי האָבן אָנגעהויבן ציטערן פאַר זייערע „פּאָזיציעס“ און ביי יעדער געלעגנהייט ארויסגערוקט זייערע גרויסע אָר־גאַניזאטאָרישע פעאיקייטן און זייערע פארדינסטן פארן לאַגער 7.

דער לאַגער־עלטסטער, א ריינער אריער, און א שווערער קרימינעלער פאַרברעכער, איז ארומגעגאַנגען ווי א צערייצטער לייב. זיין ריזן־גוף, זיין קאַנטיקער קאָפּ מיט די אָפּגעשטאַנענע אויערן, זיינע בלויע, חיהשע אויגן און זיין הייזעריקע שטים האָבן ארויפגעוואָרפן אויף אלעמען אן אימה. גלייך ווי מיר זיינען אָנגעקומען, האָט ער זיך צוגעשארט צו אונדז פון א זייט, ווי א חיה וואָס באשמעקט איר קרבן, און ביי דער ערשטער באַ־קאַנטשאַפט אונדז דערציילט פון זיין גרויסער פיזישער גבורה. אז ער איז גוט — איז אלעמען גוט, האָט ער געזאָגט, און ער בעט אונדז זייער, מיר זאָלן אים ניט אריינברענגען אין כעס, — ווייל דאַן וועלן פליען קעפּ אין דער לופטן.

— איך שטעל זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּ, האָט ער געזאָגט, אָט, מיט א פּאָר וואָכן צוריק האָב איך אייגנהענטיק אויפגעהאַנגען א פּאָר יידן אין לאַגער, און אז מען וועט דאַרפן — וועלן הענגען נאָך.

דער חיה־מענטש, וואָס האָט זיך מער ווי א צענדליק יאָר אויסגעוואַל־גערט אין אַלע טורמעס, האָט אונדז גלייך ביים אָנפאַנג געוואָלט איינשרעקן,

מיר זאָלן וויסן, אז דאָ איז ער דער באַלעבאָס — און קיינער פון אונדז זאָל ניט וואַגן זיך צו מישן אין די אינערלעכע לאַגער־ענינים.

דער איינגעבאָרענער פאַרברעכער איז כסדר ארומגעגאַנגען אין באַגלייטונג פון צוויי לאגער־פּאָליציסטן, ווי א גענעראל מיט זיינע אדיוטאַנטן. די לאַגער־פּאָליציסטן, אויסגעפּוצטע יידישע יינגלעך מיט אָפּגעפּרעסענע מאָרדעס און דיקע רונדע הינטנס, זיינען ענלעך געווען איינער צום צווייטן ווי צווילינג־ברידער. מיט די צוויי יינגלעך איז דער לאגער־עלטסטער געווען אין זייער אינטימע באציאונגען, און פאר זייער צערטלעכקייט האָט ער זיי געצאָלט מיט מאַכט, פרעסעריי און שיינע בגדים.

יידן, וואָס זיינען געזעסן אין דעם לאגער, האָבן ניט אויפגעהערט דערציילן פון די דריי אויסוורפן, פון זייערע גזילות און גניבות, פון זייער פרעסן און זויפן און פון זייער ווילדער, פערווערזער דרייער־ליבע. די צוויי יינגלעך האָבן ניט נאָר ניט געצוימט די ווילדקייט פון זייער ברויטגעבער, נאָר פארקערט, גערייצט זיינע גזלנישע בלוטן, און צוזאמען מיט אים געשפּאָלטן יידישע קעפּ מיט זייערע דיקע פּאָליצייאישע שטעקלעך. קעמפן מיט די הערשער און מיט דעם שמוץ איז געווען שווער, זיך לאָזן ווייטער פירן פון דעם טריומוויראַט — אוממעגלעך, ווייל זיי האָבן געגעבן דעם טאָן און ארויפגעלייגט זייער מאָראַלישן שטעמפּל אויפן גאַנצן לאגער־לעבן.

אונדזער לעבן איז אָבער באשטאַנען פון לויטער אבסורדן. ניט קיין אנדערער ווי דער אלטער יעקע, אונדזער קאָמענדאנט, האָט באפרייט דעם לאגער פון די באנדיטן. ער האָט צוזאמענגערופן אלעמען אויפן פלאַץ, און פאר אלעמען אין די אויגן זיי באפוילן אראָפּנעמען פון די ארבל די פּאָליצייאישע בענדער, ארויסגענומען פון זייערע הענט די בולאַוועס און געמאַכט א סוף צו זייער מלוכה. זיי האָבן זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן, אָבער סוף כל סוף זיך אָפּגערוקט אָן א זייט, אויפגעהערט צו שלאָגן, און די אינערע לאגער־פארוואלטונג איז טיילוויז אריבער אין בעסערע הענט.

אונדז, די פּאָר הונדערט ניי־געקומענע יידן, האָט מען אריינגעטריבן אין פוסטע קאַלטע באַראַקן, וואָס דער מלאך־המות האָט אויסגעקערט, ווי מיט א בעזעם, און צוגעגרייט אָרט פאַר נייע אורחים. מיר האָבן ניט געארבעט, נאָר גאנצע טעג געלעגן אין די האלב־פינצטערע באראקן, ווו דער דאַך איז געלעגן איבערן קאָפּ און די פיס זיינען געהאַנגען אין דער לופטן. דאָס שטיקל ברויט איז געווען פארשימלט, און דאָס ביסל שיטערע זופּ,

וואָס מיר האָבן באַקומען אין באַראַק, האָבן מיר שנעל אויסגעזופּט און ווייטער געלעגן.

דער פראָסט האָט געפּלאַצט, אין דרויסן זיינען געלעגן טיפע, נאַסע בלאָטעס און עס האָט זיך געוואָלט ליגן און ליגן און ניט ארויסקריכן פון אונטער די דעקעס.

אין יענע נעכט האָט מיר מיין זון ניט געלאָזט שלאָפן. מיין שכן, וואָס איז געלעגן הארט נעבן מיר און מיך מיט זיין קערפּער געוואָרעמט, האָט מיך כסדר געפרעגט, וואָס איך זיפץ ביינאַכט און פאַרוואָס איך שלאָף ניט. צי דער הונגער האָט זיך צעשפּילט אין מיין פאַנטאַזיע צי גלאַט בענקשאַפט, אָבער שלאָפן האָב איך ניט געקענט. גאַנצע נעכט איז דער סילועט פון מיין יינגעלע געשטאַנען פאר מיינע אויגן, און אלערליי בילדער האָבן מיר אכזריותדיק געפּלאָגט און געמאַטערט. ווי א שלאַנג האָב איך זיך געוואָרפן פון איין זייט אויף דער צווייטער און ניט געקענט אָפּטרייבן פון זיך די בייזע מחשבות. איך האָב אים אלץ געזען, מיין זונעלע, מיט באָרוועסע פיס און צעקאָדערטע בגדים, ערגעץ־ווו בראָדזשענדיק איבער ליטע־וועגן הינטער א סטאַדע. גייט ארום א פאַסטוך מיט בלאָטיקע פיס איבער ליטע־וועגן, ווייס ניט ווער איז טאַטע־מאַמע, פון אלעמען פאַר־געסן, איינזאם, אליין, ווי א שטיין אין מיטן וועג. אן אומגליקלעכער פאַס־טוך, קען ניט לייענען און קען ניט שרייבן, א פארלאָרענער יתום אין דער גרויסער פרעמדער וועלט... ביי די בילדער האָט דאָס הארץ געגעבן אזא קנייפּ, אַז אויסברעכן פלעגט דער ווייטאָג מיט א קרעכץ. ווען דער שמערץ פלעגט ווערן צו שאַרף, האָט די פאַנטאַזיע זיך צעשפּילט אין א פאַר־קערטער ריכטונג. זיין מאמע איז שוין באפרייט דורך די רוסן אין אָסט־פרייסן, זי צערטלט אים שוין ווידער אין אירע אָרעמס, קושט אים אויס אלע זיינע גלידער, און דערציילט אים פון זיין טאַטן — וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט...

דער ס.ס.־דאָקטאָר זאָרגט שטאַרק וועגן אונדזער געזונט, און ער האָט אונדז צוגעגרייט אן אָנגענעמען סיורפּריז. דער טיפוס, וועלכער איז ניט געקומען צו אונדז אין לאגער 2, האָט שוין געוואַרט אויף אונדז אין לאגער 7.

א טייל דאָקטוירים פון לאגער זיינען שוין געלעגן און געפיבערט, און מיט זיי צוזאַמען נאָך א צענדליק קראַנקע. צוערשט האָט קיינער ניט גע־

וווסט זייער קראַנקהייט, מען האָט געטאַפּט אין דער פינצטער, געשטעלט אַלערליי דיאַגנאָזן, ביז ס׳איז געקומען אונדזער אַלטער דאָקטאָר, א ספּע־ציאַליסט פאַר אינפעקציאָנס־קראַנקהייטן, און האָט אָנגערופן דאָס קינד מיטן נאָמען.

ס׳איז ניט קיין גריפּ און ניט קיין אינפלוענץ, ס׳איז פראָסט און פשוט — פלעק־טיפוס. פון יענעם טאָג אָן האָבן מיר זיך געשטעלט צו דער אר־בעט. דאָס, וואָס מיר האָבן דערזען אויף די קראַנקע און אין די באַראַקן, איז אפילו פאַר אונדז געווען ניי. אונדזער לאַגער 2 איז אויך געווען דורך און דורך פאַרלויזט, אָבער דאָ איז שוין ניט קיין פאַרלויזונג, נאָר א פאַר־פלייצונג. די לייז האָבן שוין ניט געהאַט קיין פּלאַץ צו וואַקסן אין דער ברייט, זיינען זיי געוואַקסן און געמערט זיך איינע אויף די אנדערע, ווי טרויבן. אז מען בינדט אָפּ א קראַנקן זיין דורכגעפוילטן פאַרבאַנד — באַ־וועגן זיך און כוואַליען די צוזאמענגעפּלאָנטערטע הויפנס פון לייז.

הונגער, לייז און טיפוס זיינען דאָך אַלעמאָל די דריי אייביקע חברים. טאָמער האָט זיך דער לעצטער פאַרשפעטיקט, איז ער איצט שוין אויך דאָ — און די שמחה איז פול.

# אַן אַנדער צוים

אין לאגער 7 איז דער שפּיטאָל געווען גרעסער און שענער. די אָר־דענונג ביים אָננעמען קראַנקע איז אויך געווען אַן אנדערע ווי ביי אונדז. עס זיינען געווען באַשטימטע אויפנאַם־שעהן — און פּאַרטיק. אַז די שעה איז געקומען, עס האָבן נאָך געמעגט וואַרטן הונדערט קראַנקע — זיינען די טירן געוואָרן געשלאָסן. א שומר האָט כסדר געהיט, אַז קיינער זאָל ניט אריינגיין מיט בלאָטיקע שיך, דעריבער איז דער שפּיטאָל תמיד געווען ריין און זויבער. דאָ איז ניט א דאָקטאָר געווען דער באַלעבאָס, נאָר א קאַפּאָ, וואָס האָט געזאָרגט פאַר אָרדענונג און זויבערקייט מער ווי פאַרן געזונט פון די קראנקע. אין די טעג ווען דער ס.ס.־דאָקטאָר האָט געדאַרפט אָנקומען, איז בכלל ניט געווען קיין אויפנאמע און אלץ האָט געגלאַנצט...

מיר האָבן זיך שווער צוגעפּאַסט צו דער נייער אָרדענונג, און די ערש־טע צייט געהאַט אָפטע צוזאַמענשטויסן מיטן באַלעבאָס, דעם קאַפּאָ. דאָס איז געווען א דורכגעטריבענער אונגארישער ייד, וואָס האָט זיין גאנצן לעבן פאַרבראַכט אין פאַריז. ער האָט גוט פאַרשטאַנען ווי צו פירן זיין עסק, אַז ער אליין זאָל זיין צופרידן, און אויך דער דייטשער סאַניטאַר, זיין באלעבאָס, זאָל פון אים זיין צופרידן. פאַרשטאַנען האָט ער אין מעדיצין ווי א קו פון זונטאָג, אָבער ער פלעגט זיך אָפט אריינמישן אין אונדזער אַרבעט און ארויסזאָגן זיין אויטאָריטעטע מיינונג. זיינע דאָקטוירים, מיט וועלכע ער איז שוין געוווינט געווען, זיינען געלעגן קראַנק, האָט ער געמוזט נאָכגעבן און זיך צופּאַסן, נעבעך, צו אונדזער אַרבעט. געווען איז ער ארומגערינגלט מיט משרתים, פאַרגרעבטע קאַרפּאַט־רוסישע יידן, וואָס האָבן טריי געפירט זיינע געשעפטן און אָרגאַניזירט פאַר אים אַלץ וואָס ער האָט נויטיק; און זיי אליין האָבן אויך גוט געגעסן און לייכט געאַרבעט.

אויף אונדז ליטוואַקעס, האָט מען געקוקט א ביסל קרום. מען האָט זיך געהיט פון אונדזער אַן אויג און אונדז איזאָלירט פון אלע אינערלעכע שפּיטאָל־ענינים. מיר האָבן געדאַרפט אָפּארבעטן אונדזערע שעהן און זיך

אָפּטראָגן. דאָ — זיינען זיי אונדזערע ארבעטס־געבער, די באַלעבאַטים, און זיי אליין זאָגן די דעה.

דער עסן־טיילער פון שפּיטאָל איז געווען א ייד א ריז, פון מונקאַטש. אז ער פלעגט זיך אַוועקזעצן איבערן קעסל טיילן דאָס עסן, האָט ער אויס־געזען ווי אַן אָדלער וואָס זיצט איבער זיין רויב. אים האָט ווייי געטאָן זיין האַרץ, וואָס ער דאַרף ארויסגיסן אזוי פיל זופּ פאַר די דאָקטוירים, און קען צוליב דעם ניט קויפן גענוג סיגאַרעטן פאַר זיך. מיר פלעגן שטיין ביי זיין קעסל, ווי אָרעמעלייט ביי דער טיר, און וואַרטן אויף זיין חסד, ער זאָל זיך דערבאַרעמען און אריינגיסן דעם לעפל זופּ. ער האָט פיינט געהאַט די ליטוואַקעס פאר זייערע שאַרפע אויגן, וואָס קוקן ווו מען דאַרף ניט און זעען דורך און דורך וואָס אין זיין ליידיקער נשמה טוט זיך. דער קאַפּאָ האָט זיך ניט געמישט אין קליינע אָנגעלעגנהייטן. ער האָט נאָר געדאַרפט רעפּרעזענטירן פאַר דער מאַכט, און שטילערהייט שמירן דעם דייטשן סאַ־ניטאַר מיט גאָלדענע ציינער פון די מתים, אָדער מיט א גוטן פרישטיק פון די „אָרגאַניזירטע" פּראָדוקטן. דעריבער איז זיין פּאָזיציע געווען שטאַרק און ער האָט ניט מורא געהאַט פאַר קריטיק. דער דייטש איז געווען זיינער, און ער קען זיך דערלויבן ארויסוואַרפן פון שפּיטאָל אפילו די דאָקטוירים, און קיינער קען אים גאָרניט טאָן.

דער סאַניטאַר — דער פּאַקטישער בעל־דעה איבער אלע מעדיצינישע ענינים — איז געווען א יונגער שייגעץ מיט א בלאסן אויסגעדארטן פּנים, א קליין קעפּל מיט א גרויסער בלאָנדער שעוועליורע. זיינע אויגן זיינען תמיד געווען פייכט און האלב־געשלאָסן. דעריבער האָט ער שטענדיק אויס־געזען ווי ניט געוואַשן, ווי נאָר וואָס ארויסגעקראָכן פון א וואַרעמער בעט. זיין שינעל, וואָס איז אלעמאָל געווען ברייט צעעפנט, האָט באהאלטן זיין איינגעפאַלענע ברוסט און מאָגערן ייִנגלשן קערפּער. אז ער פלעגט ווערן אין כעס און האָט געדאַרפט שרייען, האָט ער זיך געמוזט אָנשטרענגען און מיט געוואלד ארויספּרעסן דורך זיינע האלדז־בענדער א הילכיקע בויך־שטימע. זיין שטרענגער פּנים איז געווען אזוי ניט נאַטירלעך, אז מען האָט גלייך געזען ווי קינסטלעך עס זיינען די הויט־קנייטשן איבער זיין ייִנגלשער נאָז; ווי אין איין זייט פון זיין מויל הענגט א שמייכל, וואָס ער קען אים ניט באַהאַלטן. אָפט האָבן מיר אליין ניט געוווסט, צי ער איז טאַקע באמת אין כעס, אָדער ער פּרובירט נאָר זיין שטימע. אמאָל פלעגט ער שרייענדיק זיך פאַנאַנדערלאכן און בלייבן שטעקן אין מיטן.

ער האָט ניט פארמאָגט קיין זיץ־פלייש און ווי יעדער נויראפאט זיך קיין אָרט ניט געפונען. ער איז כסדר ארומגעלאָפן הין און צוריק, ארייג־געלאָפן אין שפיטאָל, זיך א דריי־געטאָן און ווידער ארויסגעלאָפן; ווידער געקומען, געזאָגט עפּעס, און ווידער אנטלאָפן. ער האָט שטאַרק האָלט געהאַט כבוד. און יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט אריינלויפן אין שפיטאָל, האָבן מיר זיך געמוזט אויסציען, א קלאַפּ טאָן מיט די שיך און אויסשרייען בקול רם: „אַכטונג!“ און יעדעס מאָל האָט ער מיט א באַזונדערער הנאה א מאַך געטאָן מיטן האנט און געהייסן „וויטער מאכן“.

זיינע גייסטיקע באדערפענישן זיינען געווען זייער קליינע. ער האָט האָלט געהאַט צו שפילן שאך און פלעגט שפילן מיט יעדן וואָס ער האָט גע־כאַפּט. כדי אויפצוהאַלטן זיין גוטע שטימונג, האָט מען אים געלאָזן געווינען, און דאן איז ער געווען גליקלעך, ווי א קליין קינד. אנעקדאָטן און גלייכ־ווערטלעך פון עראָטישן אינהאַלט איז געווען זיין גרעסטע ליידנשאפט. זיי האָט ער געקענט דערציילן און הערן שעהן־לאנג. דער שארפזיניקער און דורכגעטריבענער אפטייקער פון בראטיסלאווא האָט באַלד דערטאַפּט ביי אים די אָ שוואכקייט, און ביי יעדער פּאַסנדיקער און ניט־פּאסנדיקער גע־לעגנהייט געשאָטן מיט פּערלען.

טאָמער איז דער אָבערשארפירער געווען אין כעס, אָדער מען האָט געדאַרפט ביי אים עפּעס פועלן, האָט מען צו אים געשיקט דעם אַפּטייקער. מיט איין געפעפּערטן אַנעקדאָט האָט יענער אים באַלד ווייך געמאַכט און אָפּגעקויפט. פון יעדן עראָטישן וויץ האָט דער סאַניטאַר זיך געשמאָלצן פון הנאה און ער פלעגט זיך אזוי צעלאַכן, אז דער גאַנצער קערפער האָט ביי אים געצאַפּלט און די אויגן האָבן געגאָסן מיט טרערן. ביי יעדן גראָבן וואָרט פלעגט ער אָנשפּיצן זיינע קליינע אייגעלעך און זיך באַלעקן. קיין סך האָט מען ניט געדאַרפט כדי צו צערייצן זיין אָרעמע אינפאַנטילע פאַנטאַזיע. איין שאַרפער וויץ — און שוין פלעגט ער זיך צאַפּלען אין א קרענקלעכן סעקסועלן עקסטאַז.

פון דעם סאַניטאַר זיינען מיר געווען אָפּהענגיק און אים האָבן מיר באַ־דארפט געפעלן ווערן. די ערשטע צייט האָט ער באַדויערט וואָס זיינע דאָק־טוירים זיינען קראַנק, און מיט דעם אונטערשטראָכן, אז פון אונדז האָלט ער ניט. וואָכן האָט עס געדויערט ביז מיר האָבן געוואונען זיין צוטרוי און אנער־קענונג, און ער האָט אונדז אויך ארייגענומען צווישן „זיינע“ דאָקטוירים.

אין ציווילן לעבן איז דער איצטיקער אַפּיצער געווען א שיק־יינגל אין אַן אפטייק און פון דאָרטן שטאַמען זיינע ידיעות, ליבע און שוואַכקייט צו מעדיצינישע וויסנשאַפטן. זיין שוואַכקייט צו מעדיצין איז געווען א גליק און אַן אומגליק פאַרן שפּיטאָל. דאָס גליק איז געווען, וואָס ער האָט זיך אינטערעסירט מער ווי אַנדערע, און געהאַט אַמביציעס, אז ביי אים אין לאַ־גער טאָר גאָרניט פעלן. דעריבער איז טאַקע דער לאגער געווען גוט פאַר־זאָרגט מיט רפואות, אינסטרומענטן און פאַרבאַנד־מאַטעריאַל, וואָס מיר האָבן אזוינס אין אונדזער לאגער 2 אין די אויגן ניט געזען.

אָבער דאָס אומגליק איז געווען, וואָס ער האָט צופיל געשטעקט זיין נאָז אין אזעלכע אָנגעלעגנהייטן, פון וועלכע ער האָט קיין בלאַסע אַנונג ניט געהאַט. „מיין שוואַכקייט — פלעגט ער זאָגן — איז גרויסע כירורגיע. דאָס וואָס איר מאַכט אין אמבולאַטאָריע, איז פּאַטשקעריי. עפענען איי־טער־בייטלען, אראָפּשניידן אָפּגעפראָרענע פינגער — דאָס איז ניט קיין כי־רורגיע. א געעפנטער בויך — דאָס איז א זאַך, דאָס זע איך גערן. א ריינע אָפענע בויך־וווּנד, דורך וועלכע די קישקעס זעען זיך — דאָס איז אַן אָפּע־ראַציע, און אזעלכע אָפּעראַציעס וויל איך זען ביי מיר אין לאַגער. איר מוזט און איר וועט אָפּערירן, — האָט ער אלץ געשריען — אלע דארפן וויסן, אז ביי מיר אין לאגער ווערט געטריבן גרויסע כירורגיע, און אז מיינע דאָקטוי־רים זיינען גרויסע כירורגן...״

די ליבע צו כירורגיע פון דעם פולשטענדיקן איגנאָראַנט האָט אונדז מיט דער צייט פארשאפט ניט ווייניק זאָרג און א סך קאָפּ־דרייעניש.

דער טיפוס איז געשפרונגען פון איין באראק צום צווייטן און ווי א שרי־פה פארכאפּט דעם גאנצן לאגער. פיל טעג האָבן קראנקע ניט געוואָלט זיך אונטערגעבן און זיך לייגן, נאָר ווי שכורע געשלעפּט זיך פון באַראַק אין אמבולאַטאָריע פרעגן עצות ביי א דאָקטאָר. דעם הויכן פיבער און שטאַרקן קאָפּ־ווייטאָג, די אָנגעגאָסענע אויגן און רויטע הויט־פלעקן האָבן זיי גע־טראָגן מיט זיך. ווען די קני האָבן זיך שוין איינגעבויגן און די פיס — אויפ־געהערט צו טראָגן, פלעגן מענטשן פאַרקריכן אין די קאַלטע באַראַקן, ווי אין א שיידל זיך אריינפרעסן צווישן דעם דאך און די שכנים, און צוגעקאָ־וועטע צו די האַרטע ברעטער, פיבערן ביז באוווסטלאָזיקייט.

כמעט יעדער אין לאַגער איז פאַרכאַפּט געוואָרן דורכן טיפוס. איינער האָט געוואַרט אויף זיין ריי, א צווייטער האָט געפיבערט און א דריטער האָט

שוין אָפּגעפּיבערט. אין די זעלבע קליידער אין וועלכע מען האָט זיך אוועק־געלייגט איז מען אויפגעשטאַנען, אָבער נאָך אויסגעדאַרטער און בלאַסער ווי פריער. ווי פאַרטשאַדעטע זיינען די דורכגעטיפוסטע ארויסגעקראָכן פון די פינצטערע אונטערערדישע באַראַקן, געזשמורעט די אויגן פון ליכט און אויסגעזען ווי אויסגעבאָדענע און דורכגערויכערטע אין אייגענעם שווייס, היץ און באַראַק־געשטאַנק.

אויפן קערפּער האָט אויסגעברענט דער לעצטער טראָפּן פעטס, און דעם קרענקלעכן אַפּעטיט נאָכן טיפוס איז ניט געווען מיט וואָס צו שטילן.

די קיך האָט פאַרמאָגט אין איר מאגאזין א סך געווירצן, אלערליי גראָזן און געשמאַק־צודאַטן, אָבער קיינע לעבנס־נייטיקע פּראָדוקטן. די זופּ איז געווען א געשמאַק, געווירצט וואסער, וואָס האָט ביז משוגעת גערייצט דעם אפּעטיט, אָבער לחלוטין ניט געזעטיקט. עס האָבן געפעלט מאטע־ריאלן מיט וואָס אָפּצובויען דעם פארצערטן און אויסגעפּיבערטן גוף, און ווי ווילדע האָט מען זיך געוואָרפן אויף יעדער צעפּוילטער בולבע און יעדן שטיקל שאָלעכץ; ווי מייז האָט מען געזוכט און גענישטערט אין אלע מיסטקאַסטנס און יעדן אָפּפאַל אויפגעהויבן, צעקייט און געשלונגען. ווי הונגעריקע הינט האָט מען זיך געשאַרט ארום די פענצטער פון קיך און איינגעזאַפּט די שאַרפע ריחות, וואָס האָבן געשפּאַרט פון די געווירצטע וואַ־סערדיקע קעסלען.

ווי נאָך יעדער קראַנקהייט, איז דער לעבנס־אינסטינקט געוואָרן נאָך מער צוגעשפּיצט און אָנגעשאַרפט, און מיט די לעצטע אויסגעקוועטשטע כוחות האָט מען זיך געוואָרפן אין קאַמף פאַר יעדן ברעקל עסנוואַרג. דאָס רוב קראַנקע האָבן באַזיגט דעם טיפוס און אויפגעשטאַנען, אָבער, גיך נאָכ־דעם ווידער געפאַלן אין פאַרצווייפלטן קאַמף מיטן הונגער.

טאָג־איין טאָג־אויס איז ארויסגעפאָרן די טויטן־קאָמאַנדע מיט פול־געפּאַקטע פורן און צוריקגעקומען מיט ליידיקע...

# קאַוואַלירן

דאָ אין לאַגער 7 האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט גאָר אַ נייעם טיפּ פון אַ ייד. אַ פּאָר צענדליק סאַלאָניקער יידן, פאַרבליבענע רעשטלעך פון גריכישן יידנטום, האָבן זיך אויסגעוואַלגערט אין גאַנץ אייראָפּע און פאַרוואָרפן געוואָרן אַזש אַהער. די געוועזענע טרעגער און פּאָרט־אַרבעטער זיינען אַדורך אַלע גיהנומס און עפּידעמיעס און האָבן שוין ניט מורא געהאַט ניט פאַרן דייטש און ניט פאַרן טיפוס. איינע אין איינע, געזונטע דעמבענע בחורים, מיט אָפענע פּנימער און לאַכנדיקע אויגן, זיינען זיי אַרומגעגאַנגען אין לאַגער ווי אַלטע באַלעבאַטים, געווען לעבעדיק און פריילעך, און געפּייפט אויף אַלץ און אויף אַלעמען.

ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט האָט אונדז זייער פריילעכקייט און לייכטזין שטאַרק אויפגערעגט. זייער גאַנצע מענטאַליטעט איז אונדז פרעמד געווען. זייערע שפּילערייען און קונצשטיק — אומפאַרשטענדלעך און פּריקרע. איידער מיר האָבן זיי נענטער דערקענט, האָבן מיר געמיינט, אַז די זאָרגלאָזיקייט זייערע און זייער לייכטזין איז אַ רעזולטאַט פון זייער פּרימיטיווקייט און אָרעמען אינטעלעקט. זיי פאַרשטייען ניט וואָס אַרום זיי טוט זיך און באַגרייפן ניט די טיפע טראַגיק פון אונדזער לאַגע.

דאָס איז אָבער געווען אַ טעות, זיי האָבן אַלץ געזען און אַלץ פאַרשטאַנען. נאָכדעם ווי זיי זיינען אַדורך אוישוויץ, געזען דעם רויך וואָס האָט געיאָגט פון די קוימענס, האָבן זיי שוין אין קיין זאַך ניט געגלויבט און אויף גאָרניט געוואַרט. מיט וועלט־פּאָליטישע פּראָגעס האָבן זיי זיך ניט אינטערעסירט. די לאַגע אויף די פראָנטן איז זיי ניט אָנגעגאַנגען. סיי ווי וועט קיינער ניט איבערלעבן, דעריבער דאַרף מען אַריינכאַפּן יעדע מינוט, הנאה האָבן פון לעבן — און באַסטאַ.

אַריינצוכאַפּן מינוטן פון לעבן האָבן זיי געהאַט אַ סך מער מעגלעכקייטן פון אַנדערע. זיי זיינען געקומען אַהער פון די ערשטע, פאַרנומען די בעסטע פּאָזיציעס, און דעריבער געהאַט מער צום עסן, מער צום רויכערן, און

אפילו געשפּילט זיך מיט די מיידלעך וואָס האָבן געלעבט אין פּרויען־לאגער. זייער לשון, זייער באַנעמונג און לייכטזיניקע לעבנס־אויפפאַסונג האָט זיי אַזוי ווייט דערווייטערט פון אונדזערע יידן, אַז אָפט האָט זיך ממש גלויבן ניט געוואָלט, אַז די יונגעלייט האָבן אַ וועלכע עס איז שייכות צו אונדז, און אַז מיר און זיי געהערן צו איין פאָלק און טראָגן איין געמיינזאַמען גורל. אין די פאַרנאַכטן, אַז זיי פלעגן זיך צוזאַמענקומען אויפן אַפּעל־פּלאַץ, האָבן זיי געזונגען אָדער קונצן געמאַכט, געשפּילט אין אַלערליי אַזאַרט־שפּילן, געשטאַנען אויפן קאָפּ, געקוליעט זיך איינער איבערן אַנדערן, ווי קלאָונס אין אַ צירק. מיט זייערע אָריגינעלע פּאַרווײַלונגען האָבן זיי אַריינגעבראַכט אין לאַגער אַן אָריענטאַלישע נאָטע. זייערע אַזאַרט־שפּילן און זייערע העזיות האָבן דערמאָנט אָן אַ באַזאַר ערגעץ־ווו אין אָריענט.

צווישן זיך האָבן זיי גערעדט גריכיש, אַז עס האָט זיי געלוינט האָבן זיי פאַרשטאַנען וואָס אַנדערע ריידן צו זיי, און אויב ניט, האָט מען געמאַכט תמעוואַטע פּנימער און ניט פאַרשטאַנען קיין איין וואָרט. צו די דייטשן האָבן זיי אויך געהאַט אַן אַנדער צוגאַנג ווי אונדזערע יידן, און די דייטשן צו זיי האָבן זיך אויך אַנדערש באַצויגן ווי צו אונדז. זיי האָבן ניט מורא געהאַט פאַר אַ קלאַפּ, און דייטשע זידלערייען האָבן זיי באַגעגנט מיט תמע־וואַטע פּנימער, כאילו זיי פאַרשטייען אַ וואָרט ניט. זיי האָבן אַלעמאָל גע־שפּילט דעם לץ, און מיט שמד־שטיק און קונצן דערגרייכט אַלץ וואָס זיי האָבן געוואָלט.

יאָגנדיק זיך נאָך עסן און סיגאַרעטן, האָט מען זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשטעלט. די מאָראַלישע קייטלעך, וואָס האָבן נאָך געפּענטעט אונדזערן אַ יידן, האָבן פאַר זיי בכלל ניט עקסיסטירט. ביי יעדן ליגן אָדער גניבה פלעגט דער גריך מאַכן אַ נאַיוון פּנים, אויסשטעלן אַ פּאָר אומשולדיקע אויגן און ניט פאַרשטיין וואָס וויל מען פון אים. וואָס איז דאָס אומגליק, אַז ער האָט געגנבעט אַ לעבל ברויט? גנבע אויך, וועסטו אויך האָבן...

עס האָט ניט גענוצט קיין רייד, מיר האָבן מיט די יידן ניט געהאַט קיין געמיינזאַמען לשון, און אפילו אין כעס ווערן אויף זיי האָסטו אויך ניט גע־קענט. אָדער ער פלעגט דיר אויפזינגען אַ גריכיש לידל, אָדער באַווייזן אַ קונצשטיק — און דו ביסט געבליבן אַ נאַר מיט אַ צעטל.

איינס מוז מען צוגעבן, דאָס געפיל פון האַרציקער, חברישער איבער־געבנקייט איינער צום צווייטן און קעגנזייטיקע אָפּפערווויליקייט האָט אפילו דער לאַנגער לאַגער־לעבן ניט געקענט אין זיי אויסלעשן. דאָס הייפל גרי־

כישע יידן האָט פּארמאָגט אזוינס, וואָס אלע אנדערע יידן אין לאגער האָבן עס ניט געהאַט. אַן אויסערגעוויינלעכע צוגעבונדנקייט און איבערגעבנקייט איינער צום צווייטן. יעדער איינער איז גרייט געווען זיך מקריב זיין פאר זיינע חברים און די חברים פאַר אים. אז איינער האָט געהאַט עפּעס וואָס צום עסן, האָט ער עס תמיד געטיילט מיט אַנדערע. יעדן סיגאַרעט האָט מען גע־רויכערט זאַלבעצען און איינער דעם צווייטן האָט געריקט נאָך אַ ציִ. אז איי־נער פלעגט ווערן קראַנק האָט די גאנצע חבריה אים באגלייט צום שפּי־טאָל, מען האָט אים עסן געבראכט, אין די אויגן געקוקט און געזאָרגט פאר אים, ווי עס זאָרגן עלטערן פאר זייער איינציקן קינד. ווען איינער פון זיי־ער גרופּע איז געשטאָרבן, האָט מען אים באַהאַלטן ניט אין קיין מאַסן־קבר, נאָר אין א באזונדערער גרוב, ער זאָל ניט דארפן ליגן מיט אלעמען צוזאַ־מען. מען האָט ניט אויפגעהערט פון אים צו ריידן און אים צו דערמאָנען.

טאָמער האָסטו אָנגערירט אָדער באליידיקט א גריך, ביסטו ניט זיכער געווען מיט דיין לעבן. אלע פאר איינעם און איינער פאר אלעמען. זייער סאָלידאריטעט און איבערגעגעבנקייט איינער צום צווייטן האָבן זיי דער־קלערט מיט דעם, וואָס פון זעכציק טויזנט גריכישע יידן זיינען זיי געבליבן א פּאָר צענדליק, דעריבער מוזן זיי האַלטן איינער פאַרן אַנדערן, און זען, אז די וויניקע זאָלן כאָטש לעבן בלייבן.

איין טייל פון די גריכישע יידן זיינען געווען בלאָקאָווע און קאפּאָס. דער צווייטער טייל — די חברה קדישא פון לאַגער. יעדן אין דער פרי האָבן זיי צונויפגעקליבן די מתים פון גאנצן מעת־לעת, צוזאמענגעוואָרפן אויף זייער צוויי־רעדערדיקער פור און ארויסגעפירט פון יענער זייט לאגער. זיי האָבן זיך אזוי צוזאמענגעוואָקסן מיט זייער ארבעט, אז קוקנדיק אויף זיי האָט זיך אויסגעדאַכט, אז זיי האָבן בכלל פאַרגעסן וואָס זיי טוען. זיי האָבן געוואָרפן די פאַרגליווערטע לעבנס, ווי מען וואַרפט שייטלעך האָלץ אויף א פור. דער בטול צום טויט איז געזעסן אין זיי אזוי טיף, אז בעת מעשה האָבן זיי געלאַכט, געזונגען און געוויצלט זיך וועגן טויט און טויטע מיט אן אוממענטשלעכן ציניזם.

איינע פון זייערע חכמות איז געווען האנדלען מיט קברים: פאר ברויט און סיגארעטן האָבן זיי דיר אָנגעבאָטן א באזונדער גרוב, זאָלסט ניט דארפן ליגן ענג און צוזאמענגעוואָרפן מיט כל הנערים. אז זיי זיינען געקומען צו אונדז זיך היילן, האָבן זיי צוגעזאָגט דעם דאָקטאָר פאר זיין גוטער באהאנד־לונג, א באַזונדערן פלאַץ.

— ביי אונדז וועסטו ליגן ווי א גראַף — האָבן זיי געזאָגט — איינער אליין און מיטן פנים ארויף.

אויף דעם אופן האָבן זיי אויסגעדריקט דעם דאָקטאָר זייער אַנערקע־נונג און דאַנקבאַרקייט...

די געזונטע און זאַטע יונגעלייט זיינען געווען די קאַוואַלירן פון לאַ־גער. דאָ זיינען די מעגלעכקייטן צו זען זיך מיט די פרויען געווען בע־סערע ווי אין אונדזער לאַגער 2. דאָ זיינען געווען נייטראַלע זאָנעס, ווו מענער און פרויען האָבן זיך געטראָפן און געקענט בלייבן אויג אויף אויג. די פרויען פון לאַגער 7, וועלכע האָבן געהאַט הינטער זיך א לענגערן לאגער־סטאַזש, האָבן שוין לאנג אויסגעטאָן פון זיך די קליינשטעטלשע צניעות, זיך דרייסטער באוועגט און אָפענער געלאַכט. זיי האָבן ניט אראָפּגעלאָזט די אויגן ביי א גראָבן וויץ, נאָר אדרבא, ביי יעדער געלעגנהייט, פארשווענ־דעריש פארשענקט ליידנשאפטלעכע בליקן און אָפן געגאַרט און געזוכט געזונטע מענערשע אָרעמס. אין וועשעריי פון לאגער, אין קיך און ביים קעסל פון ווארעמע וואסער, פלעגט מען זיך שעהן לאנג קוקן אין די אויגן, איינער דעם צווייטן איינרוימען זיסע סודות, זיך גלעטן, צערטלען און זאַט זיך אָנשמעקן מיט פארגעסענע ריחות פון יונגע לייבער. אין פרויען־אָרעמס פלעגן די מענער פארגעסן ווו זיי זיינען אויף דער וועלט, ביז די פרויען פלעגן זיך כאַפּן, אז ס'איז שפּעט און צוריק אנטלויפן צו זיך אין שטייג אריין.

די קאַוואַלירן פון לאַגער זיינען געווען רייך, זיי האָבן געהאַט גענוג ברויט, סיגאַרעטן, און אפילו גאָלד אויך. איינמאָל איז אריין צו מיר א לאָדזשער דאָקטאָר און מיר פארטרויט א סוד: ער האָט פארקויפט א גרי־כישן בלאָקאָוון די גאָלדענע ציינער פון מויל. דערפאר קריגט ער יעדן טאָג נאָך א טעלער געדיכטע זופּ. דער אַלטער, אָנגעזעענער לאָדזשער דאָקטאָר איז גליקלעך וואָס ער האָט געמאַכט אזא גוט געשעפט, ער האָט נאָר מורא, דער בלאָקאָווער זאָל אים ניט אָפּנאַרן. די ציינער האָט יענער שוין ביי אים צוגענומען, איצט איז ער געקומען פרעגן מיין מיינונג, צי די טעלער זופּ זיינע איז זיכער צי ניט ?...

די קאַוואַלירן האָבן זיך געוואָלט אויספּיינען פאַר זייערע מיידלעך, האָבן זיי געפונען אין לאַגער א יוועליר, וואָס האָט געמאַכט פאַר זיי פון די גאָלד־ציינער, וואָס זיי האָבן ארויסגעריסן ביי די מתים — גאָלדענע

רינגעלעך. די רינגעלעך האָבן זיי פארשענקט די מיידלעך, וועלכע זיי האָבן געגלעט און געצערטלט.

אין די שפּעטע אָוונט־שעהן, ווען דער פרויען־לאגער איז געווען צוגע־שלאָסן, האָט מען זיך אויך געגעבן אַן עצה. קאַוואַליר און מיידל זיינען גע־שטאַנען פון ביידע זייטן דראָט און האָבן געקוקט איינער אויפן צווייטן, מער געשוויגן ווי גערעדט, און געזיפצט פון פארבאָטענע און פארצוימטע גלוס־טענישן. אז דער פּראָזשעקטאָר האָט ניט געזען, האָט מען אפילו דורכגע־גנבעט ווארעמע קושן דורך די לעכער פון שטעכיקן דראָט. א פּאָר יינגלעך, וועלכע האָבן זיך מיט זייערע מיידלעך אזוי פאַנאַנדערגעקושט, אז זיי האָבן פארגעסן ווו זייער קאָפּ שטעקט, זיינען געקומען צולויפן מיט די צעקראַצ־טע פּנימער צו אונדז אין אמבולאַטאָריע.

ביי די קעסלען פון קיך, אין וועשעריי און ביים שטעכיקן דראָט האָבן זיך אויסגעפּיקט פּאָרעלעך. מען האָט זיך צוגעזאָגט נעמען, און איינער דעם אנדערן געשוואָרן, אז אויב די וועלט וועט זיין א וועלט און מען וועט לאָזן לעבן, וועט מען זיך פּאַרבינדן און צוזאַמענקניפּן אויף אייביק...

די הונדערטער דורכגעקרענקטע און אויסגעטריקנטע שאָטנס, מיט די הילצערנע פּיס, צעקאָדערטע בגדים און אויסגעלאָשענע אויגן, האָבן שוין לאנג פארגעסן, וואָס איז אזוינס ליבע און וואָס איז געשלעכטלעכער טריב. זיי קענען זיך גאָרניט דערמאָנען, אז זייער בלוט איז אויך אמאָל הייס גע־ווען, אז אויסער גלוסטן צום עסן, האָבן נאָך אנדערע גלוסטענישן געגליט און געפלאקערט אין זייערע אינגעווייד. ביי די אויסגעברענטע מענטשן, זיינען שוין אַלע זייערע ליידנשאַפטן לאַנג געלעגן אין קאַלטע, פּאַרגליווערטע אָר־גאנען, און דער יצר הרע האָט זיך שוין אפילו ניט באמיט אויפוועקן אין זיי די פאַרגעסענע און אויסגעלאָשענע תאוות.

דער איינציקער, וואָס האָט איבערלעבט אלע ערדישע תאוות, איז גע־ווען דער הונגער. ער איז געבליבן דער לעצטער סימן פון לעבן, און פאַרשווינדן פלעגט ער נאָר מיטן לעבן צוזאַמען. ביז דאָס האַרץ האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט, איז דער הונגער ניט אָפּגעטראָטן פון מענטשן אויף קיין איין מינוט. דער ריח פון ברויט, וואָס האָט געררייצט די טרוקענע נאָזלעכער פון גוסס, פלעגט פאַרשווינדן און ארויספליען מיטן לעצטן וואַרעמען אָטעם־צוג. געדאַנקען פון א זאַטן אָנבייסן זיינען געווען די לעצטע, וואָס האָבן זיך געפּלאָנטערט אין דעם אָפּגעקילטן מוח.

דער הונגער איז געשטאָרבן צוזאַמען מיטן מענטשן — קיין איין מינוט ניט פריער...

דער וואָס האָט געהאַט גענוג ברויט, פעטס אונטער זיין הויט און מוס־קולן אויף די ביינער, האָבן ביי אים נאָך געלעבט און געשפּילט אַנדערע אָרגאַנען, וועלכע האָבן געגאַרט נאָך זייער באשטימונג און זיך אויסגע־לעבט אין זייערע אייגנארטיקע פיזיאָלאָגישע פונקציעס... דער לאגער איז געווען די וועלט אין מיניאטור. איינער האָט פארקויפט די גאָלדענע ציינער פון זיין מויל פאר א טעלער זופּ, דער צווייטער האָט פאר דעם גאָלד פרויען־צערטלעכקייט געקויפט; איינער איז געלעגן מיט טרוקענע, גע־שוואָלענע ליפּן און אויסגעלעקט דעם ליידיקן טעלער, דער צווייטער האָט געטרונקען ליבע פון זאפטיקע ליפּן. ביי די הונגעריקע איז געלעגן דער טויט אין די ביינער, ביי די זאַטע איז ער געשטאַנען פאר די אויגן:ביידע האָבן געוואָלט וואָס גיכער לעבן און וואָס מער געניסן. פאר איינעם איז געווען לעבן — ברויט. פארן צווייטן — פרוי.

# אַרום אויוועלע

אונדזער דאָקטוירים־משפחה, וועלכע האָט צוזאַמען דורכגעמאַכט דעם שווערן לאַגער־וועג און איז געווען צוזאַמענגעשווייסט דורך א געמיינזאַמען גורל, האָט זיך ניט געלאָזט צעררייסן פון נייע באַדינגונגען, און אַלעמאָל זיך באמיט צו בלייבן צוזאמען. ווען דער טיפוס האָט זיך אריינגעכאַפּט אין אונדזער באראַק און געדראָט אנידערצוואַרפן די לעצטע געזונטע לאַ־גער־דאָקטוירים, האָבן מיר באַקומען א מעגלעכקייט זיך איזאָלירן אין א באַזונדערביידל. דאָס ביידל איז באַשטאַנען פון 4 דינע קאַרטאָן־ווענטלעך, 6 בעטלעך און אַן אייזערנעם אויוועלע. אַרום דעם אויוועלע, אין אונדזער נייער וווינונג, האָט ווידער אָנגעהויבן קלאַפּן דער קולטורע־לער און פּאָליטישער דופק פון אונדזער לאַגער. אונדזערע פּאָליטיקער און מלחמה־סטראַטעגן האָבן געבראַכט מיט זיך א פּאָר קוילן אָדער שפּענער, געזעסן נעבן אויוועלע, זיך געוואַרעמט און לעבעדיק קאָמענטירט די פּאָ־ליטישע לאַגע.

דורכן צוים זיינען צו אונדז דערגאַנגען גאָר פריידיקע ידיעות פון די פראָנטן. דער פאַרפראָרענער מערב־פראָנט האָט זיך גערירט פון אָרט. דער רהיין האָט אויפגעהערט צו זיין א באַריער פאַר די אַנגלאָ־אַמעריקאַני־שע אַרמייען. קעלן, פראַנקפורט און ברעסלוי זיינען שוין געלעגן אין „אונדזערע הענט". וואָס גרעסער עס איז געוואָרן די נויט און וואָס שווע־רער דער הונגער, אַלץ שנעלער האָבן זיך באַוועגט די פריינטלעכע טאַנקען. מיט קאָפּשווינדלערישער געשווינדקייט האָט אונדזער פאַנטאַזיע זיך גע־טראָגן איבער ווייטע דייטשע שאָסייען. טאָג־טעגלעך האָבן מיר פאַר־שלונגען הונדערטער קילאָמעטערס. אין קאָפּ האָבן מיר געמאָסטן די ווייטקייטן, וואָס האָבן אונדז אָפּגעטיילט פון די פראָנטן, געגוי באַרעכנט די געשווינדקייט פון אָנגריף און געצויגן גראַדע ליניעס פון פראָנט די־רעקט צו אונדז אין לאַגער אריין. דער גאַנצער מערב־פראָנט האָט אין אונדזער פאַנטאַזיע אויסגעזען ווי אַן אָפענער פעכער. אין שפּיץ פון פעכער

ליגן מיר — די יידישע דאכאו־לאגערן. אלץ באוועגט זיך צו אונדז, אלע פיילן פון פראָנט זיינען געריכטעט אויף אונדז. דער גאַנצער מערב־פראָנט לויפט אונדז ראטעווען...

יעדע דייטשע מפלה איז געוואָרן דער טיפערער זין פון אונדזער עלנ־טער עקסיסטענץ. יעדע שטאָט, וואָס האָט געזאָלט איינגענומען ווערן דורך אונדזערע פארבינדעטע, איז געוואָרן אונדזער לעבנס־ציל פאר די קומענדיקע טעג. ארום וואַרעמען אַ־יוועלע האָבן מיר יעדן טאָג געוואַרט אויף דער דייטשער קאַפּיטולאַציע. דאָ האָבן מיר אויסגעאַרבעט די שלום־באדינגונגען און דאָ, ארום אויוועלע, האָבן מיר באשטראָפט דאָס דייטשע פאָלק און זיינע פירער... אָבער די פאַנטאַזיע אונדזערע האָט זיך אזוי שפּילעוודיק באַוועגט נאָר דאַן, ווען דאָס אויוועלע האָט געוואַרעמט. ביי אַן אויסגעלאָשענעם אויוועלע פלעגן זיך מיט אַמאָל אויסלעשן אלע האָ־פענונגען און אילוזיעס. מיט א ליידיקן מאָגן און ביים קאַלטן אויוועלע איז דער פראָנט געקראָכן לאַנגזאַם ווי א טשערעפּאַכע, און יעדער בלאַסער שטראַל פון האָפענונג האָט זיך באַהאַלטן הינטער שווערע, געדיכטע וואָלקנס.

זינט מיר זיצן אין די לאַגערן, האָבן מיר נאָך ניט געהאַט אזוינע קאַל־טע און הונגעריקע טעג. גאנצע נעכט זיינען מיר געלעגן איינגעוויקלטע אין די דינע דעקעס, ווי געבונדענע אין זעק, און זיך געוואַרעמט אין דער אויסגעאָטעמטער אייגענער לופט. פון קעלט און הונגער האָבן אָנגעהויבן געשוואָלן ווערן די פיס, און דורך נאַכט, פלעגן אָנגעגאָסענע בייטעלעך, ווי פאָרהענגלעך, זיך אויפהענגען אויף די אויגן און זיי האַלב צומאַכן. אין די קאַלטע פרימאָרגנס, ביים ארויסקריכן פון אונטער די דעקעס, איז די ערשטע רעפלעקטאָרישע באַוועגונג געווען — א קוועטש מיטן פינגער אויפן שינד־ביין. דורך דער באַוועגונג האָט יעדער געוואָלט פעסטשטעלן, צי די גריבעלע אויף זיינע פארשוואָלענע פיס איז דורך נאַכט טיפער געוואָרן אָדער ניט.

וואָס שאַרפער געהונגערט, אַלץ אָפטער האָבן מיר אָנגעהויבן באַקוקן און באטראכטן דעם אייגענעם גוף. די הויט האָט גענומען אָפּשטיין פון די ביינער און איז געהאַנגען א שלאַפע און געקנייטשטע, ווי א ליידיקע טאָרבע. יעדן טאָג האָב איך געמערקט ביי זיך נייע הויט־קנייטשן און נייע פארטיפונגען. איך האָב גענומען טאַפּן דעם קערפּער מיינעם, ווי

מען באַטאַפּט אַ קראַנקן פינגער: ווייל כל־זמן א גליד איז געזונט, פילט מען אים ניט, מען קוקט ניט אויף אים און מען באַטאַפּט אים ניט. און כ׳האָב זיך אָנגעהויבן באַציען צו מיין גוף ווי צו א קראַנקן אבר, אים געגלעט און געצערטלט, אים באַטאַפּט און באַטראַכט.

דעם ביז־ווייטאָג שאַרפן געפיל, אז איך האלט מיין גוף אין די אייגענע הענט און צערטל אים, ווי מען צערטלט אַ קראַנק קינד, האָב איך צום ערשטן מאָל עמפּפונדן אין יענע הונגעריקע פעברואר־טעג פון יאָר 1945. די באַציאונג צום אייגענעם גוף איז אויך געווען אָפּהענגיק פון מאָמענטאַנע שטימונגען און טיפערע נשמה־שווינגונגען. ניט אַלע מאָל איז דאָס געפיל צום אייגענעם קערפּער געווען ווי צו אן אייגן קינד. אמאָל פלעג איך באַטאַפּן הענט און פיס, ווי זיי וואלטן געווען ניט מיינע נאָר פרעמדע. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אז איך שטיי אָן א זייט און קוק זיך צו מיט אָב־יעקטיווער גלייכגילטיקייט — צו דער שטאַרקער אָפּמאָגערונג און לאַנג־זאַמען פארשווינדן פון מיין סובסטאַנץ.

כאילו איך בין איינס און מיין אויסגעדאַרטער גוף איז צוויי. ווען איך פלעג זיך כאַפּן ביי דער האַנט, אז איך באַטאַפּ מיינע אברים ווי זיי וואָלטן געווען ניט מיינע, נאָר די אברים פון מיינעם א פּאַציענט — פלעגט א פראָסט דורכגיין איבערן שיידל. פאַר וואָס עפּעס איז מיט אַמאָל מיין גוף מיר פרעמד געוואָרן? אזוי פיל יאָרן געלעבט צוזאַמען, און מיטאַמאָל זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען?

די משונהדיקע קאַלטע און גלייכגילטיקע באציאונג צום אייגענעם גוף איז אויך געווען א פּועל־יוצא פון אומפאַרשעמטן לעבנס־אינסטינקט, וואָס איז אזוי טיף געזעסן הינטערן באַוווסטזיין. די קאָנקרעטע געפאר פון אומקום ליגט דאָך אריינגעקנאָטן אין דעם גשמיותדיקן גוף, און אינסטינק־טיוו זיך וועלנדיק אָפּגרענעצן פון דער דראָענדיקער געפאר, טיילט זיך אָפּ דער אַבסטראַקטער „איך״ פון קערפּער און וויל עקסיסטירן זעלבסט־שטענדיק...

רעפלעקטאָריש פלעגט די האַנט אַ גלעט טאָן דעם נאַקעטן קערפּער און עמפּפינדן אן אומגעמיטלעך קאַלט געפיל. דיין אייגענע האַנט האָט ניט דערקענט דיין אייגענעם גוף, און אומבאַמערקט האָסטו זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען צום פּראָצעס פון פארשווינדן.

אין דער חברישער אטמאָספער, אין וועלכע מיר האָבן געלעבט, האָט איינער געזאָרגט פארן צווייטן. איינער פון אונדזערע חברים האָט אונדז

פארשאפט גרויסע זאָרגן, צו טיף זיינען געוואָרן זיינע גריבעלעך אויף די פיס און צו פול האָבן זיך אָנגעגאָסן די בייטעלעך אויף זיינע אויגן. דוכט זיך — געגעסן האָבן מיר אלע גלייך, געטיילט יעדן ברעקל אויף גלייכע זעקס חלקים, און דאָך האָט יעדער פון אונדז אנדערש רעאַגירט און אנ־דערש געליטן. איינער פלעגט ארומגיין א בייזער מיט א פארקרימטן פנים, מיט אָנגעשטרענגטע אויגן און שפּיציקע בליקן, א צווייטער — מיט רונדע, אנטשפּאַנטע געזיכטס־צוגן, ווייכע אויגן און אַפּאַטישן שמייכל. יעדער פון אונדז, לויט זיין כאראקטער און טעמפעראַמענט, האָט אויסגעארבעט זיין אייגענע סיסטעם, ווי ראציאָנעלער און שפּאָרזאמער צו פארברויכן די ביסל קאָלאָריעס און ווי בעסער אויסצוהיטן די ווארעמקייט פון זיין קערפּער. מיין סיסטעם איז געווען וואָס ווייניקער באַוועגונג. יעדע פרייע מינוט האָב איך זיך אויסגעצויגן אויפן בעטל, געשלאָסן די אויגן און געהאַט דאָס גע־פיל, ווי איך וואָלט ארָפּגעדרייט דעם קנויט פון מיין לעבנס־לאָמפּ. א קליי־נער פייערל ברענט לענגער.

אין צוויי־קאמף מיטן הונגער האָבן מיר דורכגעמאַכט שווערע נשמה־ראנגלענישן. דעם הונגער איז עס געגאַנגען אין לעבן ארָפּצורייסן פון אונדז דעם צלם־אלהים, ברעכן אונדזערע לעבנס־פּרינציפּן, אוועקרויבן פון אונדז דאָס ביסל מענטשלעכע ווירדע, וואָס איז נאָך געבליבן טיף פאַרקנאָטן אין אונדזער וועזן. ווי א מעפיסטאָ האָט ער זיך צוגערוקט נענטער צום אויער מיט גוטן און מיט בייזן, געוואָלט איבעררעדן און דערווייזן, אז אלע וועגן זיינען גוט און אלע מעשים כשר, כדי אויסצוהאלטן אין גוף די נשמה. דער הונגער האָט דוקא געוואָלט מיר זאָלן אויפהערן צו טראַכטן, זיך אויס־לערנען די מלאכה פון „אָרגאַניזירן״, נעמען וואָס געהערט ניט אונדז. בעטלען ביי פּאַציענטן מתנות, חנפהנען דעם דייטש, און דער עיקר — זיך באַפרייען פון די אלע מאָראַלישע שטריקלעך, וואָס האָבן אונדז געבונדן און געפּענטעט פון די פריסטע קינדער־יאָרן. קעגן די באַמיאונגען פון הונגער צו פאַרוויסטן אונדזערע געפיל־ און געדאנקען־ספערעס, האָבן מיר גענומען זיך ווערן מיט די לעצטע כּוחות.

אין אונדזער צימערל האָבן מיר אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַלערליי פאַר־טראַגן און קאָלעקטיווע שמועסן, כדי צו פארשרייען און אריבערצושרייען דעם גרילצנדיקן קול פון זולל־וסובא.

א קאָמפּאָזיטאָר פון פּראַג, א באַרימטער ספּעציאַליסט פאַר $\frac{3}{4}$ טאַקט, האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב, דווקא איצט, אונדז באַקאַנט צו מאַכן מיט מאָדערנע מוזיקאַלישע פּראָבלעמען. זיינע פּאָרטראַגן וועגן טאַקט, מעלאָדיע און סימפאָניע האָבן אונדז אריבערגעטראָגן אין העכערע וועלטן. ווי אַ גימנאַזיסט איז דער יונגער קאָמפּאָזיטאָר געווען פאַרליבט אין דער טשעכישער מוזיק, און מיט אזא ענטוזיאזם און איבערצייגונג גערעדט פון דוואָרזשאַק און סמעטאַנאַ, אז בעת מעשה האָט זיך אויסגעדאַכט — אַנדערע קאָמפּאָזיטאָרן זיינען גאָר אויף דער וועלט ניט געווען. איינעם פון אונדזערע חברים האָט זיך פאַרוואָלט וויסן, וואָס איז אזוינס קאָנטראַ־פּונקט, א צווייטן האָט אינטערעסירט אראַבישע מוזיק, א דריטן — מוזיק־געשיכטע. דורך גאַנצע אָוונטן איז דער פּראַגער קאָמפּאָזיטאָר געזעסן א הונגעריקער אויף אונדזערע בעטלעך און גערעדט.

די אָפּטע שמועסן ארום אויוועלע, די אַלערליי פּאָרטראַגן, דיספּוטן און געשפּרעכן האָבן געזאָלט האַלטן דעם מוח אין א פּערמאַנענטן ניכטערן און געשפּאַנטן צושטאַנד. מיר האָבן כסדר געמוזט אָנציען די לייצעס, מיט בייטשן שמייסן און רייצן דעם מוח, כדי אויפצוהאַלטן די מינימאַלע געשווינדקייט און מונטערקייט פון אונדזער דענק־אַפּאַראַט, אויב ניט — וואָלט דער מאַרך איינגעשלאָפן אין זיין ביינערנער קעסטל, ווי א בער אין זיין נאָרע, און דאַן איז אויס מיטן „האמא סאפּיענס״.

פּונקט ווי דער מוח, האָט אויך די נשמה געוועלקט און געדאַרט אין דעם אויסזיכטלאָזן לאַגער־עלנט. די אויבערשטע נשמה־שיכטן זיינען געלעגן אָפּגעקילט און פאַרטריקנט — און טיף, גאַנץ טיף, זיינען נאָך פאַרבליבן לעבעדיקע נשמה־רעשטלעך, וועלכע מיר האָבן געמוזט אויסהיטן פון זייער פולשטענדיקן פאַרשווינדן. מער מיט אינסטינקט ווי מיט שכל, האָבן מיר אָנגעהויבן פלעגן און כאָליען דעם דינעם, לעבעדיקן נשמה־שיכט מיט סענטימענטאַלע שטימונגען און מיט לידער פון אומעט און בענקשאַפט. אין יענע קאַלטע און הונגעריקע פאַרנאַכטן זיינען מיר אָפט געלעגן מיטן פּנים אַרויף און געזונגען. א גאַנצע ריי פון ווארעמע, פאַרגעסענע פאָלקס־לידער האָבן זיך אָנגעהאַנגען אויף אונדזער געמיט און פון זיך אליין זיך געזונגען. וואָס עלטער און פאַרגעסענער איז דאָס ליד געווען, אלץ האַרציקער און ווייכער האָבן זיך צעגאָסן זיינע קלאַנגען.

„עס האָט מיר מיין מאמע דערציילט אז אמאָל...״

„אַך, ווי עס בענקט זיך נאָך מיין שטעטל, וווּ געבאָרן בין איך אין איר״.

„א יידישע מאַמע״.

אָדער:

„איך וויל שוין איינמאָל זען מיין היים...״

דאַכט זיך, צענדליקער יאָרן ווי מיר האָבן די אַלטע פאַרגעסענע לידער אין מויל ניט געהאַלטן, און ווי פריש און הארמאָניש זיי האָבן זיך ווידער אריינגעראמט אין דעם פאַרנאַכטיקן לאגער־אומעט. ווען מאמע־לידער פלעגן זיך צעגיסן אין אונדזער טונקעלן צימערל, פלעגט די מאמע זיך זעצן צו מיר אויפן בעטל, מיטן הויך פון איר אָטעם מיינע פארפראָרענע פינגער וואַרעמען, מיך גלעטן, צערטלען און מיין שטערן קושן, און שטיל אויפן אויער פליסטערן איר אַלטן, וואַרעמען וויג־ליד „שלאָף מיין קינד...״ ווען דאָס הארץ איז קראנק געווען פון בענקען נאָך פרוי, קינד און פאר־לאָרן גליק, האָבן די אמאָליקע מאמעשע לידער געהיילט, געטרייסט און באַרואיקט ווי די נאָענטסטע פריינד אין אַן אומגליק. פון די האַרציקע יידי־שע פאָלקס־לידער פלעגט אפילו דער געפיללאָזער הונגער צעשמעלצן. ער פלעגט זיך רואיק אוועקלייגן, אויפמערקזאם צוהערן און איינשלאָפן...

בכלל האָט דער הונגער געהאַט זיינע קאפריזן און זיין אייגנארטיקע לאָגיק, און ניט אלעמאָל איז לייכט געווען אים צו פארשטיין און זיך פונאנ־דערקלייבן אין זיין קרומען שכל. דורך אונדזער ביטערער דערפארונג האָבן מיר אויסגעפונען, אז דער הונגער הערט זיך גערן צו צו עולם־הזה־דיקע געשפרעכן. ווען מיר פלעגן ריידן וועגן די גרויסע דייטשע מפלות און געווען שטאַרק אויפגערעגט פון באפרידיגונג און נקמה־פרייד, פלעגט זיך דער הונגער אויפמערקזאם צוהערן צו די אלע גוטע נייס און זיך בא־רואיקן. דאַכט זיך — אונדזער א שונא, פונדעסטוועגן טוט אים אויך הנאה, וואָס די דייטשן גייען אויס מיט די כוחות...

דער לאַגער־הונגער איז ניט געווען ווי דער הונגער אין א גרויס־שטאָט: אין אָרעמקייט פון לאגער געבאָרן און דאָ אויסגעוואקסן, זיינען די השגות זיינע געווען קליינע און זיין פאנטאַזיע איז ווייטער פון א שטיק ברויט און זופּ ניט געגאַנגען. אז מיר פלעגן פארציען לאנגע שמועסן איבער אלערליי מעניוען און טיש־ראפינעסן, וואָס ער האָט דאָס קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען, פלעגט ער זיך שפילן צוזאַמען מיט אונדזערע האַלוצינאציעס און זיך באַרואיקן.

צווישן מיינע חברים זיינען געווען אַלערליי גורמאַנען: איינער איז געווען א גרויסער קענער און פאַרערער פון דער פראַנצויזישער קיך, און האָט כסדר אָנגעשטעלט פולע טישן מיט פראַנצויזישע געריכטן. א צווייטער האָט דוקא געהאַלטן פון אונגאַרישע עסנס, און האָט נאָר געטונקען שאַשליק אין פאַפריקע און מיט ווייך פארטרונקען. איך האָב זיך דערמאָנט אָן דער מאַמעס געריכט און געטונקען ווייסע חלה אין געפעפערטן יויך פון געפילטע פיש. שעהן לאַנג פלעגן מיר דעקן די טישן, איין געריכט אראָפּגענומען — און אוועקגעשטעלט א צווייטן. מיר האָבן אזוי לאַנג געקאָכט און געפּרעגלט ביז דער צימער איז פול געוואָרן מיט די פיינסטע און בעסטע ריחות. עס פלעגט פארכאַפּן דער אָטעם און דער צונג פלעגט זיך באָדן אין א וואַ־סערדיק ניכטערן שפייעכץ.

די פייערלעכע „אָונטברויטן" פלעגן מיר מוזן איבעררייסן צוליב אונד־זערן א חבר, וועלכער האָט זייער שווער געטראָגן זיין הונגער. ביי די אַפּעטיטלעכע געשפּרעכן פלעגט ער זיך אָנהויבן וואַרפן פון איין זייט אויף דער צווייטער און נעמען שרייען: „גזלנים, גענוג צו ריידן!"...

מיין הונגער האָט דוקא הנאה געהאָט פון אזעלכע געשפרעכן, איך פלעג זיך נאָך מער צוזאַמענדרייען אונטער דער דעקע, אַראָפּשלינגען דעם שפייעכץ, זיך גוט אָפּזיפצן און איינשלאָפן.

# אין לאגער ווערט אָפּעריִרט

דער טיפוס האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט ביי די קאַרטאָן־ווענטלעך פון אונדזער ביידל. 4 חברים מיט איין קלאַפּ זיינען אַריינגעפאַלן אין זייערע בעטלעך. אין האַלב באַוווסטלאָזן צושטאַנד האָבן זיי געפיבערט און גע־שטופּט די שווערע אויסגעצויגענע טיפוס־טעג. נאָר צוויי פון די לאַגער־דאָקטוירים האַלטן זיך נאָך אויף די פיס. איינער איז א דאָקטאָר פון מונ־קאַטש, וועלכער האָט דעם טיפוס שוין דורכגעמאַכט אויפן רוסישן פראָנט, ווו ער האָט געאַרבעט צווישן אונגאַרישע און יידישע צוואַנגס־אַרבעטער, און דער צווייטער — איך. ער איז געווען דער ספּעציאַליסט פאַר אינערע קראַנקהייטן, איך בין געווען דער כירורג.

דער דייטשער סאַניטאַר, וואָס האָט אַלץ ניט אויפגעהערט צו ריידן פון בויך־אָפּעראַציעס, איז כסדר אַרומגעגאַנגען און געזוכט א כירורגישן פאַל, ווו מען זאָל דאַרפן שניידן. „בלוט וויל איך זען" — האָט ער אַלץ גע־טענהט, „אָבער ניט אייטער".

איינמאָל אינדערפרי לויפט ער אַריין אין שפּיטאָל צעהיצט און פאַר־שמייעט, א גליק איז אים געשען, ער האָט געפונען א פאַל פאַר אַן אָפּעראַ־ציע. ער גייט נעענטער צו צו מיר, שטעלט מיר צו א פינגער צום ברוסט, ווי מען שטעלט צו א רעוואָלווער, און מיט א זעלבסט־זיכערן, באַפעלערישן טאָן זאָגט ער מיר:

— פער., היינט ווערט ביי מיר אָפּעריִרט!

אין ערשטן מאָמענט האָב איך זיך פאַרלאָרן און געענטפערט מעכאַניש, ווי אַן אַטאָמאַט:

— צום באַפעל הער אָבערשאַרפירער! אויב עס איז מיר דערלויבט צו פרעגן, קען איך אפשר וויסן פון וואָס פאַר אַן אָפּעראַציע עס האַנדלט זיך.

— דער דיאַגנאָז איז קלאָר, זאָגט ער, און וואָס שנעלער מיר וועלן אָפּע־רירן — אַלץ בעסער. עס האַנדלט זיך וועגן אַן אַקוטן אַפּענדיציט־אַנפאַל ביים לאַגער עלטסטן.

אז איך האָב דערהערט אַן אָפּעראַציע ביים לאַגער־עלטסטן, האָבן זיך מיר א בויג געטאָן די קני. דער לאַגער־עלטסטער איז דאָך אַן אַריער, סטערילע מעגלעכקייטן צו אָפּערירן זיינען ניטאָ, עס פעלן אינסטרומענטן און אַנדערע נייטיקסטע מאַטעריאַלן, אין פאַל פון אַן אומגליק, וועלן מיך די אַרישע קאַפּאָס באַשולדיקן, אז איך האָב אים אומישנע אוועקגעפּטרט, און דאַן איז אויס מיט מיר. דערוויל, אויף די הייסע ציינער, האָב איך באַשלאָסן מיט אים זיך ניט צו דינגען, נאָר איך האָב געבעטן, אויב עס איז מעגלעך, זאָל ער מיר אויך דערלויבן א קוק טאָן דעם חולה.

— איך בין זיכער, הער אָבערשאַרפירער, אז אייער דיאַגנאָז איז א ריכ־טיקער, אָבער איידער איך וועל אים לייגן אויפן טיש, וואָלט איך זייער וועלן אים זען און אונטערזוכן.

— מיינעטוועגן — זאָגט ער, און פירט מיר גלייך אַוועק אין סעפּע־ראַטן צימערל פון לאַגער־עלטסטן.

אין זיין צימער איז געווען ליכטיק און וואַרעם. אויף די ווענט זיינען געהאַנגען ביליקע בילדער פון נאַקעטע מיידלעך אין אלערליי פּאָזעס, און ס׳האָט אויסגעזען, ווי ניט א מאַן לעבט אין דעם צימער, נאָר א פּראָווינציע־לע גאַסן־מיידל. דער חולה איז געלעגן און האָט געברומט ווי א געקוילע־טער אָקס.

ווען איך האָב אים אויסגעמאָסטן די היץ און אַ טאַפּ געטאָן דעם בויך, האָב איך באַלד אָנגעהויבן צווייפלען אין דיאגנאָז פון סאניטאר. ארויס־זאָגן, חלילה, מיינע ספקות, האָב איך ניט געוואָגט, נאָר אָנגעהויבן האָב איך דערפון, אז א שאָדן וואָס דאָס צימער ווו די אָפּעראציע דארף פאָרקו־מען איז דורך און דורך פאראייטערט, אז עס פעלן אינסטרומענטן, ניי־מאַ־טעריאַל א.א.וו.

— פאַר דעם וועל איך זאָרגן — האָט ער מיר גלייך איבערגעהאַקט, דאָס איז ניט דיין עסק. דו דאַרפסט נאָר אָפּערירן, און דאָס איז אַלץ.

זעענדיק, אז ער לאָזט זיך ניט בייגן, האָב איך פּאָרזיכטיק, אים אָנ־געהויבן אָנטאָפּן פון אַן אַנדער זייט. דער קראַנקער האָט הויכע פיבער, זאָג איך, די שמערצן אין בויך זיינען קליינע, אויב ער וועט מיר דערלויבן, און אויב ער האָט ניט דאקעגן, וואָלט איך נאָך זייער וועלן באַאָבאַכטן דעם קראַנקן און אָפּוואַרטן מיט דער אָפּעראַציע ביז צום אָוונט.

ניין, דאָס גייט ניט — האָט ער מיך איבערגעהאַקט שוין א ביסל בייז,

דו וועסט אָפּערירן, אויב ניט — וועסטו פליען פון שפּיטאָל, צוליב דיר וועל איך זיך ניט לאָזן בלאַמירן.

די אינסטרומענטן זיינען שוין באַשטעלט פון אַן אַנדער לאַגער. זיין שעף ווייס אויך, אז אין לאַגער ווערט אָפּערירט און מען קען שוין ניט אָפּלייגן. הויב איך ווייטער אָן, נאָך פאַרזיכטיקער, אים ניט אריינצוברענגען אין כעס: דו האָסט באַשטעלט אינסטרומענטן, זאָג איך, אויסגעצייכנט, בין איך שוין רואיק. אויף יעדן פאַל מוזן די אינסטרומענטן זיין דאָ אין לאַגער. עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אז מיר זאָלן דאַרפן אָפּערירן דרינגנד, און דאַן מוז שוין אלץ זיין ביי דער האַנט. אויב אַלץ איז אָפּעראַציע־גרייט, זאָג איך, קענען מיר דאָך אודאי וואַרטן ביז צום אָוונט. דו ווייסט דאָך, הער אָבערשאַרפירער, בעסער ניין מאָל אָפּמעסטן און איין מאָל אָפּשניידן. איך בין גרייט צו אָפּערירן יעדן מאָמענט, און איך וועל זיך זייער פרייען, אויב אונדזער לאַגער וועט קענען באַווייזן אזא גרויסן אויפטו, אָבער איך וואָלט זייער וועלן, צוזאַמען מיט דיר, נאָך איינמאָל זען דעם קראַנקן און דאַן באַשטימען. ווען איך האָב גערעדט איז ער געזעסן און געמאַכט אַן ערנסטן פּנים, כאילו ער וואָלט זיך אמאָל נאָך אריינטראַכטן אין זיין גאונישן דיאַגנאָז. סוף כל סוף האָט ער נאָכגעגעבן.

אין אָוונט איז ער געקומען מיך נעמען, און מיר זיינען צוזאַמען אַוועק צום קראַנקן. אונטערוועגס איז ער געווען אין א זייער געהויבענער שטי־מונג, ניט אויפגעהערט צו רויכערן און ריידן וועגן זיין דיאַגנאָז און די מעגלעכקייטן פון דער באַלדיקער בויך־אָפּעראַציע. כ'האָב זיך צוגעה־הערט וואָס ער רעדט, און דערביי ניט אויפגעהערט צו טראַכטן, ווי קריכט מען ארויס פון דער מיאוסער און געפערלעכער סיטואַציע.

מיר זיינען אריין צום קראַנקן. דער סאַניטאַר האָט זיך אוועקגעזעצט אויפן טיש, איין פוס פאַרוואָרפן אויף דער צווייטער, פאַררויכערט א סיגאַ־רעט, און מיט א יעכידנעם שמייכל פון א מענטשן וואָס איז זיכער אין זיין מיינונג, געוואַרט וואָס איך וועל איצט זאָגן. די לאַגע פון קראַנקן פאַרן טאָג האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט. דער פיבער איז נאָך העכער געשטיגן, די שמערצן אין בויך זיינען אינגאַנצן פאַרשוווּנדן. דער חולה איז געלעגן אַפּאַטיש און שלעפעריק, ווי ניט אים מיינט מען דאָס.

איך האָב אים אונטערזוכט נאָך לענגער און גרינדלעכער ווי געוויינ־לעך, כדי מיין באַלעבאָס זאָל זען ווי ערנסט איך באַצי זיך צום גורל פון חשובן קראַנקן. ביי דער אונטערזוכונג האָב איך ניט אויפגעהערט צו

טראכטן, ווי איבערצייגט מען דעם פּראָפאַן אין דער אומנייטיקייט און שעד־לעכקייט פון דער אָפּעראַציע. איך האָב אויסגענוצט זיינע שוואכקייטן. וויסנדיק אז ער האָט שטאַרק ליב צו הערן און ריידן וועגן מעדיצין, האָב איך ארויסגעהויבן פון זכרון אמאָליקע ידיעות און אין א בילדערישער, פּאָ־פּולערער שפּראַך, גענומען אויסלייגן אלץ וואָס איך האָב געטראכט. אָנ־געהויבן האָב איך דערפון, ווי ריכטיק ער האָט דיאַגנאָסטיצירט און אז אַלע סימנים וואָס ער האָט געזען רעדן, בלי ספק, נאָר פאַר אַן אַפּענדיציט. אַנדערש האָט מען ניט געקענט און אַנדערש האָט מען ניט געטאָרט טראַכטן. אין משך פון טאָג אָבער האָט זיך דאָס בילד א ביסל געענדערט. עס זיינען אויפגעטראָטן אויף דער אַרענע סימנים, וואָס ריידן לחלוטין ניט קעגן זיין דיאַגנאָז, אָבער זיי קענען אויפטרעטן אויך ביי אַנדערע קראנקהייטן, ווי טיפוס א.א.וו. אזוי ווי אין לאַגער איז איצט אַן עפּידעמיע פון טיפוס, איז דער שכל מחייב, אז מיר האָבן צו טאָן גיכער מיט א טיפוס ווי מיט אַן אַפּענ־דיציט. בעת מעשה האָב איך זיך אליין דערשראָקן פאַר מיין חוצפּה און זיך אָנגעהויבן ציען אויף צוריק. עס איז דאָך ניט אויסגעשלאָסן, האָב איך געזאָגט, אז עס איז טאַקע אַן אַפּענדיציט, און זייער גוט, וואָס אַלץ איז גרייט און יעדן מאָמענט וועלן מיר זיין ביכולת אָנצוהויבן די אָפּעראַציע...

ער איז געזעסן מיט אַן ערנסטן פּנים און אויפמערקזאַם אויסגעהערט מיין גאַנצן פאָרטראַג. זעט זיך אָן, אַז דער מאַנעוור אים ארייַנצופירן און אים פאַרשלעפּערן אין די לאַבירינטן פון דער מעדיצינישער וויסנשאַפט און אויף אזא אופן אויף אים ווירקן, איז געווען א ריכטיקער. פּלוצלונג איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון טיש, זיך אויסגעצויגן, געעפנט זיין סיגאַרעטן שאַכטל, מיר פאָרגעשלאָגן א סיגאַרעט און באַלד דאַרויף צוגעגעבן: ער מיינט, אז איך בין גערעכט. א שטיין האָט זיך מיר אַראָפּגעקייקלט פון האַרצן. איך האָב געפילט, אז דער עקשן אין אים איז געבראָכן, און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אומזיניקן דיאַגנאָז און נאָך מער אומזיניקער אָפּעראַציע.

אין עטלעכע טעג ארום, ווען פאַר אַלעמען איז שוין קלאָר געווען, אז דער לאַגער־עלטסטער ליגט אין א שווערן טיפוס, האָט ער געהאַט אזוי פיל מוט מיר צו דאנקען, וואָס איך האָב אים פאַרהיט פון א צרה. דער לאַגער־עלטסטער איז דאָך געווען ניט קיין ייד, און פאַר אַרישע לעבנס דאַרף מען אָפּגעבן א חשבון. דער פאַל מיטן לאַגער־עלטסטן האָט אים אָבער ניט אויסגעניכטערט, און די געדאַנקען וועגן אָפּעראַציעס ניט פאַרטריבן פון

זיין קליינעם קעפל. ער האָט געלאָזט זויבער מאַכן א צימער, אָנגעגרייט אַלץ וואָס איז נייטיק און געוואָרט אויפן גינסטיקן פאַל, אז אונדזערע מיי־נונגען זאָלן זיך ניט פאַנאַנדערגיין, און ער זאָל סוף כל סוף קענען פאַר־ווירקלעכן זיין חלום.

דער שפּיטאָל־קאַפּאָ, וואָס איז געווען בלוטיק פאַראינטערעסירט צו באַ־פרידיקן אַלע קאַפּריזן פון דעם דעגענעראַט, האָט אַלץ געטענהט מיט מיר, אז מען מוז דעם סאַניטאַר צופרידן שטעלן און אָפּערירן, אויב ניט — קען ער בייז ווערן און דאַן וועט אונדז אַלעמען זיין ביטער. יעדע זויבערע און ערנסטע אָפּעראַציע פאַר די אויסגעשעפּטע מענטשן, אין די געגעבענע תּנאים, איז געווען לעבנסגעפערלעך, און דעריבער האָב איך זיך ניט גע־לאָזט פירן פון זיינע עצות, געמאַכט דאָס וואָס איז נייטיק און מער גאָרניט. איך האָב בדעה ניט געהאַט צוליב זיינע קאַפּריזן צאָלן מיט לעבנס און האָב זיך ארויסגעדרייט ווי איך האָב נאָר געקאָנט.

איינמאָל האָט מיך דער דייטשער סאַניטאַר דאָך צוגעשפּאַרט צום וואַנט. ער איז אריין צו מיר אין שפּיטאָל מיט איינעם א יידן און בעט מיך איך זאָל אים אונטערזוכן. דער ייד האָט געליטן פון א דאָפּל־זייטיקן ברוך. ווען דער סאַניטאַר האָט צופעליק דערזען זיינע ברוכן, האָט ער אים גלייך געזאָגט:

— מיר וועלן דיך אָפּערירן.

דער נאַרישער ייד האָט באַלד מסכּים געווען און געזאָגט, אז ער וויל טאַקע פּטור ווערן פון זיינע ברוכן, ווייל זיי שטערן אים זייער ביי דער אַרבעט.

אַז איך בין געבליבן אויג אויף אויג מיטן פּאַציענט, זאָג איך אים:

— נאַרישער ייד, קיין אַנדער אַרבעט האָט איר ניט איצט ווי זיך לאָזן אָפּערירן? עס שפּאַרט אייך מסתמא ארויס דאָס געזונט?

עס איז אָבער געווען שפּעט. איינמאָל מסכּים געווען איז פאַרפאַלן.

דער סאַניטאַר האָט שוין געיאָגט און געטריבן איך זאָל וואָס גיכער אָפּערירן, ווייל דער פּאַציענט קען חלילה חרטה האָבן. פון דער אָפּעראַ־ציע האָט ער געמאַכט א גאַנצן ספּעקטאַקל. דער עיקר איז געווען די דע־קאָראַציעס און דער גרים. אַלץ האָט געדאַרפט אויסזען ווי אין א ריכטיקן אָפּעראַציע־זאַל. איך האָב זיך געמוזט אָנטאָן אין ווייסן, מיט א מאַסקע אויפן נאָז, און א ווייסע יאַרמלקע אויפן קאָפּ. צו דעם לאַנג־דערוואַרטעטן ספּעקטאַקל האָט ער איינגעלאַדן גאָר וואַזשנע געסט. אין אָפּעראַציע־

צימער איז געשטאַנען דער קאָמענדאנט פון לאגער, זיין געהילף און די ס.ס.־אויפזעערין, וואָס האָט מיט אירע ברייטע היפטן פארנומען א האלבן צימער. דער רעזשיסאָר אליין איז געשטאַנען אָן א זייט, ווי נאפּאָלעאָן פאַר א גרויסער שלאַכט.

ביי אים אין לאגער ווערט אָפּעריערט.

ביי די פרימיטיווע באדינגונגען און מיט דעם אָרעמען אינסטרומענ־טאַריום, האָב איך פאַרריכט דעם יידן זיינע ברוכן. דער ייד איז געווען צו־פרידן, דער קאפּאָ איז געווען צופרידן און איך האָב באקומען מיין האָנאָ־ראר א גאנצן סיגארעט און — אויך געווען צופרידן. דער הויפּט־מחותן, דער סאניטאר, איז ארומגעלאָפן הין און צוריק צעהיצט און פארשמייעט, און איז געווען אזוי גליקלעך, כאילו דייטשלאנד האָט געוואונען דעם קריג...

מסתמא האָט דער גורל געוואָלט, אז אין די אוממענטשלעכע לאגער־באדינגונגען, אין דעם ענגען צימערל, אויף דעם פרימיטיוון טיש און פאר דער אודיטאָריע, זאָל ווידער וויברירן דאָס הארץ ביים בלאנק פון כירור־גישן מעסער, און פינגער זאָלן ווידער דערפילן די וואַרעמקייט און צאַרט־קייט פון געזונטע מענטשלעכע געוועבן.

# א גרוס

די פאנטאזיע פון לאגער־מענטשן האָט אויסגעשוואנגערט און געבאָרן אלערליי קלאנגען. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס דאָס רוב קלאנגען זיינען געווען נאָר דער שפיגל פון אונדזערע ווונטשן און חלומות, דאָך זיינען זיי געווען א פראָדוקטיווער כוח און געווירקט ווי א רעאלער פאקטאָר אין אונדזער לאגער־לעבן. אויף אונדזער לאנגן, אויסזיכטלאָזן וועג, זיינען קלאַנגען געווען ווי אָפּרו־סטאַנציעס, ווו דער צעבראָכענער און פאַריאושטער לאגער־מענטש פלעגט שעפּן נייע כוחות פאר זיינע ווייטערדיקעליידן.

קלוגע יידן פלעגן בכונה ארייננוואַרפן א קלאַנג אין לאַגער, ווי מען ווארפט אריין א באל צווישן קינדער, און דער גאנצער לאגער פלעגט זיך שפּילן מיט דעם פריידיקן קלאַנג, ניט ווויסנדיק אפילו פון וואַנען ער שטאַמט. א צווייטייטיקער וואָרט פון א דייטשן, א לופט־אָנגריף, שיסע־רייען — איז געווען גענוג, כדי נייע קלאַנגען זאָלן זיך קייקלען פון מויל צו מויל און אויסוואקסן צו גרויסע און וויכטיקע פּאָליטישע געשעענישן.

איינמאָל האָבן זיך ניט ווייט פון לאגער געהערט שטאַרקע דינאַמיט־אויפרייסן. א ייד, וואָס איז כסדר ארומגעגאַנגען מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און געזוכט פרישע קלאנגען פאר זיין אויסזיכטלאָזיקייט, האָט באלד דער־הערט אין די אויפרייסן דעם נאָענטן פראָנט.

—אַהאַ! האָט ער אויסגעשריען, איר הערט, עס הויבט זיך שוין אָן...

ווען א צווייטער ייד האָט פּרובירט אָפּהאַקן זיינע פאַנטאַזיע־פליגלען און געזאָגט:

— נאַרישער ייד, וואָס פרייסטו זיך אזוי, דאָס רייסט מען דאָך נאָר ארויס מיט דינאַמיטביימער פון וואלד.

— מען רייסט טאַקע ארויס ביימער פון וואלד, — האָט דער ייד גע־ענטפערט, — אָבער ס'איז פריילעכער...

דער ייד האָט גוט געוווּסט, אז די אויפרייסן זיינען ניט פון פראָנט, אָבער באַוווּסטזיניק האָט ער זיך אליין אָפּגענאַרט. זיך פאַרווילנדיק מיט

די דינאַמיט־אויפרייסן אין שכנותדיקן וואַלד, איז אים לייכטער געווען צו וואַרטן אויף דעם אמתן פראָנט.

א ידיעה, אז דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ האָט געשיקט שפייז־פּאַקעטן פאר די יידן אין די לאגערן, האָט אויפגעלויכטן ווי א בליץ אין דער קאלטער טונקלקייט פון די ערד־באראקן. מיר האָבן געוווסט, אז דער רויטער קרייץ דרינגט אריין אין אלע קאָנצענטראציע־לאגערן און שטיצט ארעסטאַנטן פון אלע אומות, אָבער — ניט יידן. פארקערט, מיר יידן האָבן כסדר מורא געהאַט, אז עמעצער פון אונדזערע קרובים מעבר לים זאָל זיך נאָר ניט פאַרוועלן נאָכפרעגן דורכן רויטן קרייץ וועגן אונדזער גורל. (אין געטאָ האָט געסטאַפּאָ פארברענט א גאנצע משפחה בלויז דערפאר, וואָס א ברודער אין אמעריקע האָט זיך נאָכגעפרעגט דורכן רויטן קרייץ). מיט אמאָל — מתנות גאָר פון רויטן קרייץ. פאר וועמען ? פאר אונדז ? א הייפל פארוואָרלאָזטע יידן, וואָס ווארטן יעדן טאָג אויף זייער סוף. עס האָט זיך ניט געוואָלט גלויבן.

קיינער האָט נאָך די פּאַקעטן ניט געזען און מיט די הענט ניט באַרירט, און שוין האָט די הונגעריקע פאַנטאַזיע צעשפילט זיך אין א העלישן פייער. יעדער האָט אריינגעלייגט אין פּאַקעט אלע זיינען גלוסטענישן, אלע זיינע ווונטשן און בענקשאַפטן. אפילו די האלבע מתים, וואָס זיינען געלעגן אין הויכן פיבער און פאַרנעפּלטן באַוווסטזיין, האָבן זיך אויפגעכאַפּט ווי פון א הינער־פלעט און געמורמלט פון פּאַקעטן.

איידער די פּאַקעטן זיינען נאָך אָנגעקומען, האָט זיך שוין צעשפּילט אַ האַנדל און אַ בייטעניש. די אַלטע סקעפּטיקער, וואָס האָבן ביז די לעצ־טע מינוטן ניט געהאַלטן פון אזוינע נאַרישקייטן, האָבן פארקויפט אַלע אילוזיעס פאר איין לעבעדיקן סיגאַרעט. די ניט־רויכערער האָבן שוין קאַלקולירט מיט די סיגארעטן און געגנוי באַרעכנט, וויפל ברויט און פעטס דאָס פּעקל סיגאַרעטן וועט זיי אריינברענגען.

אָט זיינען זיי שוין דאָ, די צאַפּלדיקע גרוסן פון יענער זייט צוים. ווי לעבעדיקע נפשות האָבן די העלע פּירקאַנטיקע פּעקלעך געווינקט צו אונדז און געשמייכלט. אין די אויסגעדארטע, קנאָכיקע הענט האָט דער צוקער, מילך און קאָנסערוון אויסגעזען ווי רפואות אין די הענט פון א חולה. ציי־טערדיקע פינגער האָבן אַלץ פון דאָס ניי געציילט די שטיקלעך צוקער, וואָס האָבן געבלאַנקט מיט פאַרגעסענער ווייסקייט. מען האָט מורא געהאַט

זיך צורירן, פֿאַנאַנדערנעמען אַלץ מיט אַמאָל, נאָר פֿון ווייטן געקוועלט פֿון די זויבערע שאַכטלען און לענגער געצויגן די מינוטן פֿון פֿרייד.

קראַנקע האָבן זיך געשטעלט אויף די פֿיס, מוסלמענער האָבן געעפֿנט די אויגן. מען האָט געזויגן דעם מילך פֿון די בלעכענע שאַכטלען, ווי קינדער פֿון פֿולע ברוסטן. מחיהדיקע זיסקייטן פֿון צוקער האָבן זיך וואַרעם צעגאָסן אין לאַנגזאַמען בלוט־שטראָם, ווי די בעסטע רפֿואות געהיילט און געקרעפֿטיקט די אויסגעטריקנטע הערצער. דער אויסגעשעפּטער אָרגאַניזם, וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך די קרעפֿטיקע זאַפֿטן ווי א דורשטיקער ביים וואַסער, האָט זיך צעבליט און אויפֿגעלעבט.

יעדער האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, וואָס זאָל ער פֿריער אויפֿעסן און וואָס שפּעטער.

מיר האָט זיך שטאַרק פֿאַרוואָלט איינמאָל פֿאַר אלעמאָל הנאה האָבן פֿון דער וועלט. איך בין אויסגעגאַנגען נאָכן געפֿיל פֿון פֿולער זאַטקייט. געוואָלט דערהערן ביי זיך די לאַנג־פֿאַרגעסענע ווערטער:

— איך בין זאַט, מער קען איך ניט עסן. אַ דאַנק. גענוג.

דאָס שאַכטל פֿיש־קאָנסערוון, וואָס האָט גערייצט מיין אַפּעטיט ביז משוגעת, איז געלעגן אונטערן שעניק און געוואַרט אויף ברויט. 4 טעג האָב איך קיין ברויט ניט געגעסן, געקליבן פֿעניצל צו פֿעניצל, און א געלייטערטער דורך הונגער און איינגעהאַלטנקייט, האָב איך מיט גרויס כונה געגרייט זיך צו דער לאַנג־דערוואַרטעטער סעודה.

נאָכן זאטן אָנבייסן האָב איך פֿאַרוואָרפֿן א פֿוס אויף א פֿוס, זיך אָנגעלענט, ווי א גראף, אויף מיין בעטל און פֿארצויגן א גוטן שווייצארישן סיגארעט. דער אראָמאט פֿון גוטן סיגארעט און דאָס געפֿיל פֿון פֿולער זאַטקייט האָט מיך באַרוישט און פֿאַרוויגט. יענע נאַכט בין איך געשלאָפֿן ווי א מענטש, וואָס איז מיד געוואָרן פֿון צופֿיל גליק...

# פרילינגס־ווינטן

מיטאַמאָל, גאָר אומדערוואַרט, האָבן מילדע פרילינגס־ווינטן אריינגעבלאָזן דורך די שטעכיקע דראָטן. א וואַרעמע אַפּריל־זון האָט פאַרפלייצט דעם פלאַץ פון אַפּעל, און סנאָפּעס ליכט האָבן זיך אריינגעגאָסן דורך די נידעריקע טירלעך אין די אונטערערדישע לעכער. קיין מענטשן האָט די זון ניט געפונען, נאָר קאָדער. הויפנס לייזיקע קאָדער האָבן זיך געוואַלגערט אויף די לאַנגע פּאָליצעס פון די פינצטערע היילן. צווישן איין הויפן קאָדער און דעם צווייטן האָבן אַרויסגעקוקט נאַקעטע ברעטער. די ליידיקע, אָפּגערוימטע נאַרע־ברעטער האָבן אויסגעזען ווי די טיפע אויגן־לעכער פון א סקעלעט...

ווי א טרייע מאַמע האָט די זון זיך גענומען צו די פאַרוואַרלאָזטע באַראַקן. זי האָט צעריסן די נאַכט, פאַריאָגט די שטילקייט פון טויט, פאַרטריבן דעם טונקלען געשטאַנק, און ווי מיט א מעסער פונאַנדערגעשניטן די פאַרמלאָזע, צעפּליושטשעטע מענטשן־מאַסע, וואָס איז געלעגן אָנגעוואַקסן אויף די נאַרע־ברעטער, ווי אויסגעוואַקסענע שוואָמען אויף פייכטן האָלץ. ווי בלעטער פון קנאָספּן, אַזוי האָבן גענומען זיך אויסוויקלען די מענטשן. געלע, וואַקסענע פּנימער, און אויסגעלאָשענע אויגן האָבן פאַרוואָלינקע און אומזיכער אַרויסגעקוקט פון אונטער די דעקעס. דאַרע הענט און פיס, וואָס זיינען א גאַנצן ווינטער אָפּגעלעגן ווי צוגעטשעפּעטע פּראָטעזן, האָבן ווידער דערפילט אין זיך כוח און לעבן. דאָס בלוט האָט גענומען האַסטיקער שטראָמען צו די בלויע פינגער און די אָפּגעקילטע פאַרגליווערטע אברים האָבן זיך פאַנאַנדערגעוויקלט, אויסגעטשוכעט און זיך ווידער גענומען באַוועגן...

מיט געבויגענע קני און פאַרלאָרענע זיינען יידן אַרויסגעקראָכן פון די באַראַקן, זיך אויסגעלייגט אויף די נידעריקע דעכער, זיך געצויגן, געגענעצט, געטריקנט דעם גוף און די בגדים, און געקוואָלן פון דער מחיהדיקער וואַרעמקייט. די אַפּריל־זון האָט אונדז ווידער פאַרלאָדן מיט בטחון און כוח פאַר דעם לעצטן און אַנטשיידנדיקן געראַנגל...